Rok I. Kraków, 28 stycznia 1909 — קראקא, ו' שבט תרס"ט. Nr 3




Żydowska gazeta illustrowana.

Wychodzi każdego czwartku.

Prenumerata. wynosi: Rocznie 10 K. = 5 Rbs. Półrocznie 5 K = 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs.

Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.

Jüdische Illustrierte Zeitung.

ערשיינט יעדען דאנערשטאג.

אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראנען, 5 רובל. האלביעהריג 5 קראנען 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראנען, 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער 10 קאפ.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדסקא 62

הויפטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, מיאדאווא נר' 12. פיליע אין לאדז: פרזעיאזד נר' 16.

# רעוואלוציע אין פערזיען.



רעוואלוציע אין פערזיען: דער שאה פון פערזיען אויף זיין שטוהל אים טהראנזאאל.

**אינהאלט:** רעוואלוציע אין פערזיען — א יודישער מיניסטער אין אמעריקא — מאנטענעגרא ריהרט זיך — קאיזער ווילהעלם'ס פינפצינסטער געבורטסטאג — אלט׳ע וואונדען — דער פאפסט און די קאטאסטראפע אין איטאליען — אמעריקאנישע וואונדער — דריי פאר איינער — א בלינדער שאך־שפיעל — חתונה א שעה פאר דער תליה — קראנפרינץ רודאלף'ס 20־טע יאהרצייט — בילדער פון דער וואך או. ז. וו.

# רעוואלוציע אין פערזיען.

דאס אלטע בעריהמטע פערזיען, פ־ס, וועלכעס האט א מאל בעהערשט א האלבע וועלט, איז היינט א גאנץ קליינער שטאאט פון קוים צעהן מיליאן איינוואהנער. און אויך דאס ביסעל, וואס איז איהם געבליעבען פון זיין אמאליגער הערליכקייט, ווערט, ווי עס זעהט אויס, באלד גאהן פערלוירען. פערזיען וועט אין א קורצער צייט אויפהערען צו זיין א זעלבשטענדיגער שטאאט. עס וועט ענטוועדער אויפגעטהיילט ווערען צווישען רוסלאנד, ענגלאנד און דער טירקיי. אדער עס וועט פון זיינע שכנים ווערען פאליטיש און מאטעריעל אויסגעבייטעט און אויסגעזויגען און וועט פיהרען א טרויריגע עקזיסטענץ אהן א געגענווארט און אהן א צוקונפט...

שולדיג אין דעם זענען די דארטיגע רעגירונגסקרייזע, די מיניסטער און די פאנאטישע נייסטליכע. זיי האבען זיך אזוי לאנג צוגעוואהנט צו דער געוואלטהערשאפט, צום באקשיש, צום שוחד און צו דער אויסזויגונג פונ׳ם פאלק, אז זיי ווענדען אן אלע מיטעל, צו בלייבען ביי דער מאכט און. האבען ארויסגערופען אים לאנד א רעוואלוציע, א בלוטיגען בירגער־קריעג, וועלכער דויערט שוין א צייט לאנג און פערוויסטעט צום איבריגען דאס פעראריכטע לאנד.

מיט עטליכע יאהר צוריק האט דער שאה געגעבען זיין פאלק א קאנסטיטוציע. דאס פערזישע פאלק האט זי בעגריסט מיט פרייד און די בעסטע מענער פון פאלק זענען געוועהלט געווארען צום פארלאמענט. אבער די אויסבייטערישע בעאמטען און די פאנאטישע נייסטליכע האט דאס נישט געשמעקט. זיי האבען נישט געוואלט ארויסלאזען דעם פעטען ביסען פונ׳ם מויל און זיי האבען אזוי לאנג אינטריגירט ביים שוואכען, נישט־ענטשלאסענעם שאך. ביז ער האט ווי נארגעגעבען און געלאזט צוטרייבען דאס פארלאמענט.

אזוי גערינג איז דאס אפילו נישט צוגעגאנגען, די דעפוטירטע האבען נישט געוואלט אבטרעטען זייער פלאץ. מען האט געמוזט אנווענדען געוואלד און מיט קאנאנען צערשיעסען דאס פארלאמענטס־געביירע, פיעל בלוט איז דאביי געפלאסען, די בעסטע פאטריאטען זענען אומגעקומען און די וואס זענען געבליעבען לעבען, האבען אויך קיין בעסערן סוף געהאט. מען האט זיי ארעסטירט און געטעדטעט מיט די גרעסטע גרויזאמקייטען.

ווייטערעס לעבט דער שאך פון פערזיען ווי א געפאנגענער אין זיין פאלאסט, אבגעהיט פון דעם רוסישען גענעראל ליאכאוו מיט זיינע קאזאקען, וועלכע פיהרען די פאקטישע הערשאפט איבער׳ן לאנד. מיט דעם פאלק שפיעלט זיך דער שאך ווי מיט קליינע קינדער, באלד גיבט ער ארויס א מאניפעסט, אז ער נעמט אים גאנצען צוריק די קאנסטיטוציע, באלד רופט ער דאס מאניפעסט צוריק און איז מבטיח — אז ער וועט איינבערופען א נייע פארלאמענט.



מאנטענעגרא ריהרט זיך: פירסט ניקיטא פון מאנטענעגרא.

דאס פאלק אבער שפיעלט זיך נישט. די רעוואלוציאנערע האבען א האלב לאנד אין זייערע הענד און געבען דער בעפעסטיגטען שטאדט ט ע ב ר י ס (דער גרעסטען אים גאנצען לאנד) ווערען געפיהרט בלוטיגע שלאכטען צווישען די רעוואלוציאנערע און דעם שאך׳ס מיליטער. די זיעגע וועקסלען זיך, באלד זענען די רעוואלוציאנערע, באלד דעם שאך׳ס מיליטער אויבערהאנד. אים גאנצען בעוויזען קען איינער דעם צווייטען נישט — און דערווייל ווערד דאס אייגענע פאלק אויסגעניישטעט און צו גרונד געריכטעט.

ענגלאנד און רוסלאנד, די צוויי שכנים פון פערזיען, האבען שוין אויסגעארבייטעט א פלאן, ווי אזוי דארט צו מאכען ארדנונג — דאס הייסט איבערזעצט פון דער פאליטישען שפראכע אויף פראסטע לשון: קיין פערזיען אריינצוקריעכען און בלייבען ווי לאנג עס וועט זיך לאזען... אין לעצטער צייט, זייט דעם די טירקיי איז דורך דער איינפיהרונג פון דער קאנסטיטוציע געשטארקט געווארען, וויל זי אויך נעהמען איהר חלק אין דעם שכנ׳ס לאנד און עס איז נישט אויסגעשלאסען די מעגליכקייט, אז פערזיען וועט באלד אויפהערען צו עקזיסטירען אלס זעלבשטענדיגער שטאאט, אויב די דריי שכנים וועלען זיך נאר קענען איינינגען וועגען זייערע חלקים...

און דער שאה פון פערזיען.

דער יורש פון אזא היסטארישע בעריהמטען טהראן, דער „קעניג פון אלע קעניגע" (ווי ער רופט זיך) קוקט דאס אלעס צו און שווייגט... עס דוכט זיך איהם, אז עס וועט מיט גרויזאמקייט און בלוטיגע קעמפפע געלונגען, די פאלקסבעוועגונג צו אונטערדריקען — דאס איז אבער א גרויסער ספק...

אין אונזער היינטיגער נומער ברענגען מיר א בילד פון דעם פערזישען שאה, זיצענדיג אויף זיין שטוהל — ווער ווייסט ווי לאנג די שטוהל וועט נאך שטעהען פעסט?

## א יודישער מיניסטער אין אמעריקא.

אין דער געשיכטע זענען יודישע מיניסטער קיין זעלטענהייט. אין שפאניען, פארטוגאל און אין סיציליען זענען נאך אין גאנץ אלטע צייטען, אין די טעג פון דער אינקוויזיציע, יודען ערנאנט געווארען צו מיניסטער און זייערע פערזענסטע האבען געפונען אנערקענונג אפילו ביי די גרעסטע יודען־פיינד. אין יונגערער צייט האבען מיר געזעהען יודישע מיניסטער אין פראנקרייך און אין איטאליען. אין איטאליען האט מען זאגאר פאר עטליכע יאהר אנפערטרויט דאס קריעגסמיניסטעריום דעם יודישען גענעראל אטהאלענגהי און דער יודישער שטאאטסמאן לוצאטי האט דארט שוין עטליכע מאל געלייטעט דאס וויכטיגסטע שטאאטסאמט. דאס פינאנצמיניסטעריום.

אמעריקא האט איצט א יודישען האנדעלס־מיניסטער, דעם בעקאנטען דיפלאמאט אסקאר שטרויס, דעם פריינד און פערטרויענסמאן פון פרעזידענט רוזוועלט. אסקאר שטרויס וועט אבער איצט, גלייך מיט רוזוועלט, צוריקטרעטען פון זיין אמט. און דער נייע פרעזידענט, טאפט, האט צוגעהאלטען זיין ווארט וועלכעס ער האט געגעבען די יודישע וועהלער פון ניו־יארק, אז ער וועט זייער פערטרויענסמאן אויפנעהמען אין זיין רעגירונג. און ער האט ערנאנט דעם יודישען פערטרעטער פון דעם ניו־יארקער מזרח־בעצירק, וואו עס וואהנען לויטער יודען, מר. שמואל ס. קעניג, צום שטאאטס־סעקרעטער פון די אינערע אנגעלעגענהייטען, ד. ה. צום מיניסטער דעם אינערן. קעניג איז, אזוי ווי שטרויס, קיין געבוירענער אמעריקאנער. ער איז אים יאהר 1872 אין א קליין שטעדטעל אין אונגארן געבוירען, און פריה פערייתומט. איז ער געקומען אים אלטער פון קוים 12 יאהר מיט ארימע קרובים קיין אמעריקא. ער האט אין ניו־יארק פערזוכט די פאלקס־שולע און איז דערנאך איינגעטרעטען אלס לעהרלינג אין א גרויס געשעפט, דורך זיין פלייסיגקייט, עהרליכקייט און טיכטיגקייט איז ער באלד אוואנסירט צום פראקוריסט פון דער פירמא און חאטשי ער איז אים געשעפט געווען שטארק בעשעפטיגט, האט ער נאך געפונען גענוג צייט, צו בעזוכען די אוניווערזיטעט און צו ווערען אדוואקאט. באלד האט דער יונגע אדוואקאט בעקומען א גרויסען נאמען אין ניו־יארק ווענען זיין טיכטיגקייט און ער איז געווארען איין איינפלוס־רייך מיטגליעד פון דער רעפובליקאנישען פארטיי. שוין פאר 12 יאהר איז ער געוועזען דער פיהרער פון דער רעפובליקאנישען פארטיי אים וואהלקאמפף און זייטדעם איז זיין איינפלוס אזוי געשטיעגען, אז היינט האט מען איהם אנפערטרויעט דאס וויכטיגסטע שטאאטס־אמט אין אמעריקא.



מאנטענעגרא ריהרט זיך: מאנטענעגרינישע קאנאנען בעדראהען די שטאדט קאטטארא.



א יודישער מיניסטער אין אמעריקא: סאמועל ס. קעניג, דער שטאאטס־סעקרעטער פאר די אינערע אנגעלעגענהייטען.



גאבריעלא פריטש.



יאהאננא צועפאל.



אננא קארלל.



מאריע פרכאל.

דריי פאר איינער: די פערהאנגליקטע מאנופולאנטין און די דריי מערכען וואס האבען זיך נעלאזט פאר איהרעטוועגען אפערירען.

אלס כלל־טרוער האט קעניג פאר ניו־יארק זעהר פיעל נעלייסטעט און ער איז דארט שטארק פאפולער. ער איז א נוטער יוד און אינטערעסירט זיך שטארק מיט אלע יודישע ענינים. די יודען אין אמעריקא וועלען אין איהם האבען א שטארקען בעשיצער פון זייערע אינטערעסען, ער וועט זיך, עבענזא ווי אסקאר שטרויס, נישט שעמען מיט זיין יודענטהום, נאר ביי יעדער נעלעגענהייט איינטרעטען פאר זיינע ברידער.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער דאס בילד פון דעם נייעם יודישען מיניסטער.

# מאנטענעגרא ריהרט זיך!

די האפנונג, אז מיט דעם אבשלוס פון אויסגלייך צווישען עסטרייך־אונגארן אין דער טירקיי וועט די לאגע אויף דעם באלקאן ווערען רוהיגער, ערפילט זיך נישט...



אמעריקאנישע וואונדער: דער 213 פעטער הויכע טהורם אין ניו־יארק.

קוים האבען די טירקען זיך ערקלערט בעפריערינט, די ענגלענדער האבען אויפגעהערט צו העצען, די באיקאטט־קאמיטעס אין דער טירקיי הייבען אן אויפצוגעבען דעם באיקאט און אפילו סערביען זעהט איין, אז מיט געוואלט וועט עס גאר נישט העלפען און עס פויפט ליעבער צו בעטען „קאמפענזאציעס" מיט נוטען — צעפיהרט זיך נאר דאס קליינטשקע מאנטענעגרא די הענד, אדער ריכטיגער, פארלייפט די צונג...

פאריגען דאנערסטאג איז אבגעהאלטען געווארען א זיצונג פון דער מאנטענעגרישען סקופשטינא (פארלאמענט), אין וועלכער דער מיניסטער דעם אייסערן האט געהאלטען א העפטיגע רעדע קעגען עסטערייך־אונגארן און ערקלערט, אז די סערבען און די מאנטענעגרינער וועלען זיך נישט פריהער בערוהיגען, ביז באסניען־הערצעגאווינא וועט נישט בעקומען א אויטאנאמיע אונטער דער הערשאפט פון סולטאן, אדער ביז סערביען און מאנטענעגרא וועלען נישט בעקומען שטיקער לאנד פון דיעזע פראווינצען. ווען די קאנפערענץ וועט נישט בעפריעדיגען דיעזע פארדערונגען און וועט אנערקענען די אנעקסיאן פון באסניען־הערצעגאווינא דורך עסטרייך, ־עמילט וועלען די סערבען זיך מוזען אליין העלפען און צוואר אלע סערבען, אין וועלכען לאנד זיי מעגען זיך געפונען.

דיעזע לעצטע ווערטער בעדייטען דירעקט די אויפפארדערונג אן די סערבען, וואס וואהנען אין באסניען, קראאטיען און אונגארן, צו מאכען א רעוואלוציע געגען עסטערייך־אונגארן. עס איז זיכער, אז עסטערייך־אונגארן וועט אזא געפעהרליכע העצעריי נישט דולדען און עס וועט פערלאנגען, אז דער מאנטענעגרינישע מיניסטער זאל זיך ענטשולדיגען, אדער עס קען קומען צו ערנסטע קאנסעקווענצען.

מאנטענעגרא אבער וועט אפשר נישט אזוי נערינג נאכגעבען, ווי סערביען. פירסט ניקאליי איז א גרויסער תקיף — נישט בלויז ווייל ער איז א קרוב פון רוסישען קייזער און דער שוועהר פון דעם איטאליענישען קעניג, נאר אויך ווייל זיין לאנד איז דורך זיין געאגראפישע לאגע בעסער געשיצט געגען א אנגריף פון עסטערייכישער זייט. עס איז א שווערע אויפגאבע, די מאנטענעגרינישע בערג איבערצושטייגען מיט א גרעסערער מיליטער־מאכט. ער האט אויך נעלאזט אויפשטעלען קאנאנען אויף די בערג, וואס ליעגען נעגענאיבער דער עסטערייכישען האפענשטאדט קאטטארא און דראהט, די שטאדט צו צושיעסען, ווען עס וועט קומען צו א קריעג.

קאטטארא איז טאקי שטארק בעדראהט און די שווארצע בערג שווער איבערצושטייגען, אבער דאס קען עסטעררייך־אונגארן נישט אבהאלטען, צו שיצען זיין רעכט און עס איז איבערדעם מעגליך, אז די לאגע וועט באלד [illegible] ערנסט. זי וועט נאך פערשארפט ווערען דאדורך, וואס אויך צווישען בולגאריען און דער טירקיי שלעפען זיך די פערהאנדלונגען אהן א סוף און בולגאריען הייבט ווידער אן צו מאבילזירען זיין ארמעע. דאס צווינגט נאטירליך די טירקיי, צו טהון דאס זעלבע און אזוי שטעהען ווידער צוויי ארמעען ביי דער טירקיש־בולגארישער גרענעץ, נעריסטעט און גרייט צום קריעג...

אין אונזער היינטיגער נומער ברענגען מיר דאס בילד פון דעם מאנטענעגרינישען פירסט ניקאלויס (ניקיטא) און אויך א ארגינעלע אילוסטראציע, פאָרשטעלענדיג ווי די שטאדט קאטטארא איז בעדראהט פון די מאנטענעגרינישע קאנאנען.

# דריי פאר איינער.

אין א פראגער פאבריק איז פאר עטליכע וואכען די עקספעדיענטין גאבריעלע פריטש פערהאנגליקט געווארען. זי איז צו נאהענט צוגעקומען צו א מאשין, וועלכע האט איהר אריינגעהאפט דעם קאפ און אבגעריסען די הויט פונ'ם גאנצען קאפ ביז צום שטערן.

מען האט זי תיכף געבראכט אין שפיטאל אריין און די דאקטוירים האבען געפונען, אז מען קען איהר לעבען נאר ראטעווען, ווען מען זאל איהר ארויפנעבען אנדערע מענשליכע הויט.

עס האט זיך געטראפען אנידלער מעניש. וואס האט געווירמעט 400 קראנען פאר דער־יעניגער פערזאן, וואס וואלט אוועקנעגעבען פון זיך א שטייל הויט, פאר דעם צוועק, ווען די דאקטוירים האבען דאס בעקאנט געמאכט, זענען איינגעלאפען נישט וועניגער ווי 600 מעלדונגען צו דיעזען צוועק. 600 מענשען האבען געוואלט פאר 400 קראנען זיך אונטערציעהען דער געפעהרליכען אפעראציע און זיך לאזען אויסשניידען שטיקער הויט.

די קליניק האט בעשלאסען אנצונעהמען דאס אנגעבאט פון אניארימער פרוי, א מוטער פון צוויי קינדער,



אמעריקאנישע וואונדער: דער גרעסטער זייגער פון דער וועלט־
[illegible]



קאיזער ווילהעלם II פון דייטשלאנד. (צו זיין 50-טען געבורטס-טאג).

הילכע האט זיך געוואלט אויסזעצען דער געפאהר, כדי צו קענען ערהאלטען דאס לעבען פון איהרע צוויי קליינע קינדער.

עס האבען זיך אבער געטראפען דריי יונגע מיידלעך, וואס האבען די אריזמע פרוי פון דעם געפעהרליכען שריט בעפרייט. זיי האבען נעמליך ערקלערט, אז זיי ווילען אוועקגעבען פון זיך שטיקער הויט אומזיסט. אבער די 400 קראנען זאל מען טאקי שענקען דער ארימען פרוי, וואס זי בעדארף דאס געלד אזוי נייטהיג. די דריי מערכען הייסען יאהאננא קאופאל, טאכטער פון א טשעכישען גימנאזיאל-פראפעסאר, מאריע פרבאל אוס בענעשוי און אננא קארל אויס הראמישין ביי פילזען.

דאס עדלע אנערביעטען פון די דריי מערכען איז נאטירליך געווארען אנגענומען און נאכ'ען ווי די ערצטע אין דער קליניק האבען זיי אונטערזוכט און געמאכט די נעטהיגע פארבערייטונגען, האט מען פארגענומען די אפעראציאן. אלע פיער מעדכען האבען בעקומען שלאפמיטטעל. יעדען פון די דריי האט מען אויסגעשניטען א שטיק הויט פון דער אינער'ן פוס-פלעכע און דיזע שטיקער הויט זענען אויפגענייט געווארען דער פערונגליקטער אויף'ן קאפ.

די אפעראציאן האט געדויערט דריי פיערטעל שעה און איז זעהר גינסטיג אבגעלאפען. די אפפערווילינגע מערכען זענען באלד ארויס פון שפיטאל פאלקאמען געזונד. די פערונגליקטע נאבייעלע פרויש וועט בלייבען לעבען.

די ארומע מוטער האט נאטירליך בעקומען די 400 קראנען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער די בילדער פון דער פערונגליקטען נאבריעלע פריטש און פון די דריי מערכען, וואס האבען בעוויזען אזא זעלטענעס עדעלמוטה.

# אמעריקאנישע וואונדער.

(דער העכסטער טהורם און דער גרעסטער זיינער).

די אמעריקאנער איבעראשען די וועלט פאסט טעגליך מיט זייערע ריזען-אונטערנעהמונגען. זייערע הייזער, זייערע בריקען, זייערע טונעלס, זייערע באהנען — אלס-דינג איז גיגאנטיש גרויס און מעכטיג. אזוי אז מיר קענען זיך נאר קיין בעגריף דאפון מאכען. יעדער טאג ברענגט א נייע איבעראשונג. ווערד היינט געבוט א הויז פון 30 שטאק הויך, קען מען זיין זיכער, אז מארגען וועט געבויט ווער'ן נאך א העכער'עס; בויט מען היינט א בריק פון 5 קילאמעטער לאנג, וועט מען מארגען בויען א נייע בריק אין דער לענג פון 10 קילאמעטער. עס ניפט דארט קיין איבעראשונגען נישט. אמעריקא איז דאס לאנד פון די „אונבעגרענצטע מעגליכקייטען".

אצינד ווערען ווידער צוויי ריזען-אונטערנעהמונגען ערדיכטעט. די „מעט-אפאליטאן-פערזיכערונגסגעזעלשאפט האט פערטיגגעשטעלט איהר נייע הויז, ביי וועלכעס עס געפונט זיך א טורם פון 213 מעטער הויך, דער העכסטער פון דער וועלט. ביז אין די וואלקען אריין רייכט דער קאפ פון דיעזען אמת'דיגען „וואלקען-קראצער", אין מען קען קוים זיין שפיט'ן זעהען. דער טורם האט 85 פוס די לענג, 75 פוס די ברייט און נישט ווענינער ווי 50 שטאק אין דער הויך, 8100 טאנען שטאהל האט מען צו איהם פערוועגדעט. זיין גאנ'ץ געוויכט בעטרעגט 38.022 טאנען. געקאסטעט האט ער אין די מיליאנען.

כדי צו האבען א בעגריף פון זיין הויך, איז כדאי צו בעמערקען, אז די העכסטע טהורמע פון דער וועלט האבען פאלגענדע הייך: דער קירכטהורם אין אולם 161 מעטער, דער דאם אין קעלן 156 מעטער, די קאטהעדראלע אין רוען 148 מעטער, די ניקאלאי-קירכע אין האמבורג 144 מעטער, די מארטינסקירכע אין לאנדסהוט 141 מעטער, די סטעפאנסקירכע אין וויען 137 מעטער, די פעטערסקירכע אין רוים 133 מעטער, די פויליש-קאטהעדראלע אין לאנדאן 129 מעטער — דער נייע מעטראפאליטאן-טהורם אין ניו-יארק 213 מעטער.

— אין האפען פון ניו-יארק איז אצינד ערדיכטעט געווארען א נייער האפען-זייגער. עבענפאלס דער גרעסטע אין דער וועלט. דער זייגער איז אזוי גרויס, אז מען זעהט איהם אין אלע זייטען פון דעם גרויסען מעכטיגען האפען. כדי צו האבען א בעגריף פון דער גרויס פון דיעזע זייגער, איז גענוג צו ערוועהנען, אז דער שטונדען-ציינער פון דעם זייגער וועגט 500 פפונד, דער מינוטען-ציינער 370 פפונד. מען קען זיך שוין אצינד פארשטעלען, ווי גרויס דער איינענטליכע זייגער איז.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער די בילדער פון דעם העכסטען טהורם און פון דעם גרעסטען זייגער. וואהרשיינליך וועלען באלד געבויט ווערען נאך העכערע און נאך גרעסערע.

# קאיזער ווילהעלם'ס פינפציגסטער געבורטסטאג.

אין דער נייעסטער צייט האט נאך זעלטען א מאנארך אזוי פיעל בעשעפטיגט די עפענטליכע מיינונג.



קראנפרינץ רודאלף פון עסטערייך-אונגארן (צו זיין 20-טער יאהר-צייט).

די פרעסע אים אינלאנד און אויסלאנד, ווי דער דייטשע קאיזער ווילהעלם II, וועלכער פייערט אם 27 ד. מ. זיין 50-סטען געבורטסטאג.

זייטדעם ער האט זיך געזעצט אויף דער שטוהל, פערגעהט פאסט קיין טאג, מען זאל פון איהם נישט הערען עפיס נייעס, איבעראשענדעס.

קאיזער ווילהעלם איז א שטארקע, טעמפעראמענט-פאלע נאטור, ער פערשטעהט אלעס און ווייסט אלעס, אויב פאליטיק, דיפלאמאציע, מיליטערישעס, פינאנצוועזען, ליטעראטור, קונסט און וויסענשאפט — אין אלע ענינים מישט ער זיך פערזענליך אריין, איבעראל זאגט ער זיין מיינונג און איבעראל פערלאנגט ער, עס זאל געשעהען ווי ער וויל... עס איז נאר נאטירליך, אז אפילו דער טיכטיגסטער מענש קען נישט זיין אזוי פיעלזייטיג און אז עס געשעהען דורכדעם מאנכע פעהלער... דאס האט אויך געפיהרט דאצו, אז די דייטשע פרעסע נעמט אפט געלעגענהייט, צו קריטיקירען דעם קאיזער און עס קומען דאפון ארויס נישט-אנגענעהמע פערהעלטניסע...

אין די 20 יאהר, זייט זיין רעגירונג, איז ער אויסגעווען א האלבע וועלט, די צאהל פון זיינע עפענטליכע רעדען איז גאנץ גרויס. דער „רייזע-קאיזער" און דער „רעדע-קאיזער" רופט מען איהם אין זיין אייגען לאנד. זיינע רייזען און זיינע רעדעס (ער איז א גלענצענדער רעדנער) האבען אבער נישט איינמאל אנגעארבייט סכסוכים אין אינלאנד און אין אויסלאנד, בעזונדערס אין לעצטער צייט, און עס איז געקומען אזוי ווייט, אז דאס פארלאמענט האט אויסדריקליך פערלאנגט, דער קאיזער זאל נישט רעדען עפענטליך אהן צושטימונג פון די פעראנ-



אלטע וואונדער: דער ויצונגסזאל פון דייטשען רייכסטאג. אויף דער פאודער-וואנד הענגען די היסטארישע בילדער וועלכע מען האט אראבגענומען, כדי צו בערוהיגען די פראנצאזען.



דער פאפסט בעזוכט די פעראומגליקטע פון מעסינא אין א רוימישען שפיטאל.

טוואַרטליכע מיניסטער, מען האט רעמאלט מורא געהאַט, עס זאל נישט קומען צו א קאנפליקט צווישען דעם קאיזער און דעם רייכסטאג. אָבער קאיזער ווילהעלם אלס קאנסטיטוציאנעלער הערשער האט נאכגעגעבען און צוגעזאָגט, ער וועט אין צוקונפט אלע זיינע רעדען פאר־לעגען דעם רייכסקאנצלער.

דאס פערהעלטניס צווישען קאיזער און פאלק איז ווידער גוט געווארען און די דייטשע בענוצען דעם 50־סטען געבורטסטאג פון זייער קאיזער, צו בעווייזען, ווי געליעבט און פערעהרט ער איז ביי זיין פאלק.

אין אונזער היינטיגער נומער ברענגען מיר די נייעסטע פאָטאגראַפיע פונ'ם דייטשען קאיזער.

# אלטע וואונדען.

שוין באלד 30 יאהר זענען אוועק זייט דעם דענקווירדיגען דייטש־פראנצעזישען קריעג פון יאהר 1870/1, אבער די פראנצעזישע נאציאן קען נאך ביז היינט נישט פערגעסען דעם שמערץ איבער איהרע דער־מילטע ניעדערלאגע און דער טאג פון סעדאן איז אין פראנקרייך א טאג פון נאציאנאלער טרויער. עלזאס־לאָטהרינגען, דיביידע פראווינצען, וואס דייטשלאנד האט רעמאלט ביי פראנקרייך צוגענומען, קענען די פראנצויזען נישט פערגעסען און די גאנצע נאציאן האט נישט אויפ־געגעבען די האפנונג אז זיי וועלען ווידער אמאל צוריק־געגעבען ווערען פראנקרייך.

אין דייטשלאנד ווערד יעדעס יאהר דער טאג פון סעדאן, אין וועלכען די פראנצעזישע מאכט איז געווארען געבראכען, געפייערט אלס נאציאנאלער יום־טוב. און די פראנצויזען הערען נישט אויף יעדעס יאהר זיך דאריבער צו בעקלאגען, וואס מען רייסט אויף זייערע אלטע וואונדען.

אצינד איז געשעהען אין דייטשלאנד עפּיס מעהר. די פערערשטע וואנד אים זיצונגסזאאל פון דייטשען רייכסטאג איז געוועזען לעער און דאס האט געמאכט א שלעכטען איינדרוק. עס איז נאך פאר יאהרען געפאסט געווארען א בעשלוס, אויף דער וואנד אנצובריינגען היסטאָרישע בילדער פון דער דייטשער געשיכטע. די בילדער האט געמאלען דער מינכענער קינסטלער יאהנקע און אין לעצטער צייט זענען זיי פערטיג געווארען און מען האט זיי אויפגעהאנגען אויף זייער פלאץ.

דאס ערשטע בילד שטעלט פאר, ווען קארל דער גרויסע עמפפאנגט א הולדיגונגס־דעפוטאציע פונ'ם קהאליף פון קארדראוואַ. דאס צווייטע בילד שטעלט פאר די סצענע, ווען די לאמבארדישע שטעדט הולדיגען דעם דייטשען קאיזער פריעדריך בארבאראסא. דאס דריטע בילד שטעלט פאר די שלאכט פון סעדאן, די דייטשע ארמעע נאך איהר גרויסען זיעג.

אט דיעזעס דריטע בילד האט שטארק אויפגע־רעגט די פראנצויזען. די גאנצע פראנצעזישע פרעסע האט דאס בעטראכטעט אלס א פראוואקאציע, אן'אונ־פערשעמטע אויפרייצונג, צו בערירען זיך מיט זייער שמערץ, און איז העפטיג דאגעגען אויפגעטרעטען.

צופעלינג האט מען אויך אין דייטשלאנד אויס־געזעצט פיעל פעהלער אין די בילדער און דאס האט געפיהרט דאצו, אז זיי זענען ווידער ענטפערנט געווא־רען... די פראנצויזען האבען בעקומען סאטיספאקציע.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א בילד פון דעם זיצונגסזאאל פון דייטשען רייכסטאג, אויף דער פעדערשטער וואנד זענען צו זעהען די דריי בילדער, וואס האבען אזוי פיעל דיסקוסיעס ארויסגערופען.

# דער 20־סטער טאדעסטאג פון קראנפרינץ רודאלף.

אם 30־טען יענער יעה־ט זיך צום צוואנציגסטען מאל דער טרויריגע טאג, אין וועלכען די עסטערייכישע פעלקער זענען איבערראשט געווארען פון דער שרעק־ליכער נאכריכט, אז דער געליעבטער און פאפולער קראנ־פרינץ רודאלף, דער שטאלץ פון זיינע קאיזערליכע עלטערן און די האפנונג פון די עסטערייכישע פעלקער, לעבט נישט מעהר!

ווי גרויס דער שמערץ איז נישט געווען, וועלכען עס האט געפיהלט דאס גאנצע פאלק, נאך גרעסער איז געווען זייער זארג, ווי אזוי דער אלטער געליעבטער קאיזער, וואס האט גראדע געפייערט זיין 40־יעהריגעס רעגירונגס־יובילעאום, וועט איבערהאלטען דיעזעס שרעקליכע אונגליק.

קאיזער פראנץ יאזעף האט אבער דיעזעס אונ־גליק, ווי נאך פיעל אנדערע, איבערטראגען, אין דער ליעבע און אנהענגליכקייט פון זיינע פעלקער האט ער גע־פונען טרייסט אין דיעזע טרויריגע צייטען און די געטליכע השגחה האט דעם טייערן קאיזער ערהאלטען ביז היינט צום גליק פון זיינע פעלקער.

אין דעם צוואנציגסטען יאהרצייטסטאג, ווען די אלטע וואונדע ווערד ווידער אויפגעריסען, פיהלען די

פעלקער דעם שמערץ פון זייער קאיזער און בעטען צו גאט, ער זאל איהם נאך ערהאלטען אויף לאנגע, לאנגע יאהרען!

# חתונה א שעה פאר דער תליה.

א ערנרייפענדע סצענע האט זיך אפגעשפיעלט פארינע וואך אין דער ווארשאווער ציטאדעלע. דארט איז געזעסען דער רעוואלוציאנער קאנסטאנטי שטשודלא, וועלכער איז געווען פערורטהיילט צום טודט פאר ער־שיעסען דעם שענדא־מעריע־גענעראל מארקגראפסקי. שטשודלא'ס געליעבטע, העלענא לוניעווסקא, האט פון איהם געהאט א קינד, און כדי מען זאל קענען דאס קינד פערשרייבען אויף דעם פאטער'ס נאמען, האט שטשודלא א שעה איידער מען האט איהם אויפגעהאנגען, חתונה געהאט מיט זיין געליעבטע. א גייסטליכער איז אריינגעקומען אין זיין צעללע און האט פארגענומען די טרויאונג און א שעה שפעטער האט מען שטשודלא'ן צוזאמען מיט זיין מיטהעלפער אנטאני טיפסקי אויפגע־האנגען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער די פא־טאגראפיעס פון קאנסטאנטי שטשודלא און פון העלענא ליניעווסקא מיט דעם קליינען קינד אויף דער האנד.

# דער פאפסט און די קאטאסטראפע אין איטאליען.

זייט דעם יאהר 1870, ווען די איטאליענער האבען צוגענומען ביים פאפסט זיין פאליטישע מאכט אין רוים איז געווארען די הויפטשטאדט פון דעם פער־איינינטען קעניגרייך איטאליען, האבען זיך די פעפסטע בעטראכטעט אלס „געפאנגענע פונ'ם וואטיקאן", זיי זענען נישט ארויסגעגאנגען פונ'ם פעפסטליכען שלאס, וועלכער איז געבענבוי בעמערקט, א גאנצע שטארט פאר זיך. בזה האופן האבען זיי געוואלט פראטעסטירען אקעגען דעם געוואלטשריט פון די איטאליענער צוצונעהמען ביי זיי די וועלטליכע ממשלה.

אלע פערזוכע פון די פערשיעדענע איטאליענישע רעגירונגען, זיך איבערצובעטען מיט דעם פאפסט, האבען נישט געפיהרט צו קיין רעזולטאט, א צייט לאנג האט דער וואטיקאן אפילו פערבאטען די שטרענגגלייביגע קא־טאליקען, זיי זאלען זיך נישט בעטהייליגען אין די וואהלען צו דעם איטאליענישען פארלאמענט, אלס פראטעסט, אז זיי אנערקענען נישט דעם שריט פון יאהר 1870.

מיט דער צייט האט די פאליטישע אבסטינענץ ביסלעכווייז אויפגעהערט און ווען דער איצטיגער פאפסט האט זיך געזעצט אויף זיין שטוהל, איז געווען א שטיל־קעל האפנונג, עס זאל קומען צו אן'אויסגלייך, ווייל ער איז פריהער אלס בישאף פון ווענעדיג געווען א פריינד פון דער רעגירונג.

די האפנונג איז נישט געווארען ערפילט. די קאר־דינאלע האבען נישט ערלויבט דאצו, דער פאפסט זאל



חתונה פאר דער תליה: דער רעוואלוציאניסט קאנסטאנטין שטשודלא און זיין געליעבטע העלענא לוניעווסקא מיט זייער קינד.

זיך איבערבעטען מיט דער „רייבערישען רעגיערונג" און ער איז ווייטער געבליעבען דער „געפאַנגענע פון וואטיקאן".

ווען עס איז פאר דריי וואכען געשעהען דאס גרויסע ערד-ציטערניש אין סיציליען, האט דער פאפסט געוואלט דארטהין פאהרען, כדי טהיילצונעהמען אין דער רעטונגס-ארבייט. אזוי ווי עס האבען געטהון דער קעניג און די קעניגין פון איטאליען, די קארדינאלע, אויס מורא עס זאל נישט דאדורך פערלעצט ווערען דער היילינער מנהג, האבען נישט דערלאזט דערצו, ואנענדיג, אז דער געזונדהייטסצושטאנד פון פאפסט ערלויבט איהם נישט אינטערצונעהמען אזא נסיעה.

אבער אים גאנצען האבען זיי דאך נישט אויס-געפיהרט. פאפסט פיוס X האט פארט פערלאזט זיין „געפענגניש" אף צוואר האט ער בעזוכט די פערוואונ-דעטע פון מעסינא אין דעם רוימישען שפיטאל, וועלכעס ליעגט שוין אויסערהאלב פון וואטיקאן, ד. ה. אויף אי-טאליענישעם בארען, ער איז ארויס פון „געפענגנשאפט" און האט קיינעם נישט געפרעגט.

דאס אייז איז שוין געבראכען. עס איז מעגליך, אז אצינד וועט שוין גרינגער זיין צו א פערשטענדיגונג צווישען פאפסט און איטאליען.

אים שפיטאל האט דער פאפסט בעזוכט אלע קראנקע, טרייסטענדיג און געבענדיג האפנונג.

אונזער היינטיגע אילוסטראציע שטעלט פאר, ווי דער פאפסט געהט, בעגלייטעט פון א בארמהערציגע שוועסטער, פון בעט צו בעט, בעזוכענדיג די פערוואונ-דעטע.



א בלינד שאך-שפיעל: די צוויי שאך-קינסטלער מיעזעס און שלעכטער שפיעלען א בלינד-שאך-שפיעל.

# איגנאַץ בערשטיין ז"ל.

אין בריסעל איז דיעזע טעג געשטארבען דער יודי-שע געלעהרטע איגנאַץ בערנשטיין, אים אלטער פון 73 יאהר.

איגנאַץ בערנשטיין איז נישט קיין געלעהרטער פון בעריף, אבער זיינע לייסטונגען פאר דער וויסענשאפט, און שפעציעל פאר דער יודישער וויסענשאפט, האבען א אונגע-הייערע בעדייטונג און זיין נאמען וועט גלאנצען צווישען אלע גרויסע יודישע געלעהרטע.

דער פערשטארבענער איז דער פערפאסער פון דעם גרויסען בוך „יודישע שפריכווערטער און רעדענסארטען", וועלכעס איז פאריגעם יאהר אין א פראכט-אויסגאבע ערשיענען, דאס זאמלען פון די יודישע שפריכווערטער און זייער אויסטייטשען איז אנ-ארבייט פון צעהנדלינגער יאהרען און ערפארדערט עבענזא פיעל מיה ווי געלד. נאר א מאן, ווי בערנ-שטיין, בעזיצענדיג א גרויס פער-מעגען און נישט זייענדיג פער-קויפט ביים געלד. נישט וועלענדיג ווערען נאך רייכער, נאר אים געגענטהייל, פערוועגדענדיג דאס געלד פאר ניצליכע צוועקע, האט געקענט אזא ארבייט אויף זיך נעהמען און אויך פערטיגשטעלען.

די „יודישע שפריכווערטער און רעדענסארטען" זענען א לי-טעראַרישער אוצר און די ארט, ווי אזוי זיי זענען געווארען בע-ארבייטעט, די טראנסקריפציאן אין לאטייניש. די ווערטפולען אנמערקונגען, דער אינדעקס און דער גלאסאר (ווערטערבוך) מא-כען דאס בוך פאר צונעגגליך פאר יודען ווי פאר נישט-יודען.

אויסער דיעזען בוך האט בערנשטיין שוין פריהער ארויס-געגעבען זעהר א וויכטיג ווערק, א ביבליאגראפיש פער-צייכניס פון אלע ביכער אין דער וועלט-ליטעראטור, וואס בעפאסען זיך מיט שפריכווערטער. דאס בוך האט א גרויסען ווערטה פאר געלעהרטע.

דער פערשטארבענער איז נישט בלויז אליין ליטע-ראַריש געוועזען טהעטיג. ער האט אויך אונטערשטיצט און געפערדערט יעדעס ליטעראַריש אונטערנעהמען. ער האט אויסגעהאלטען ליטעראטען און גאר מאנכע ליטעראַרישע ערשיינונג איז איהם געוועזען צו פערדאַנקען.

איגנאַץ בערנשטיין איז געוועזען א גרויסער בעל-צדקה: ער פלעגט טויזענדע רובעל יעהרליך פערטהיילען פאר וואהלטהעטיגע צוועקע.

ווען ער האט געפייערט זיין 70-סטען געבורטסטאג, האט ער פערטהיילט 50-טויזענד רובעל אויף צדקה. אין זיין צוואה. ווענען גרויסע סומען בעשטימט פאר וואהלטעטיגקייט.



איגנאַץ בערנשטיין.

בערנשטיין האט געוואהנט אין ווארשא. אין די לעצטע יאהרען האט ער זיך אויפגעהאלטען אין אויסלאנד. געשטארבען איז ער אין בריסעל ביי זיין טאכטער. אבער די לייכע ווערד איבערגעפיהרט קיין ווארשא. תנצב"ה.

# א שרעקליכער רויבמארד אין לאנדאן.

אין לאנדאן איז די טעג פארגעקומען א פאל פון רויב-מארד, וועלכער ערינערט דורך זיין שרעקליכקייט דאס גרעסטע אויפזעהען.

אין דעם צפונ'דיגען פיערטעל פון דער מיליאנ-שטאדט, טאטטענהאם, זענען צוויי מענשען איבערגעפאלען א אויטאמאביל, אין וועלכען עס זענען געזעסען די אנגע-שטעלטע פון א קויטשוק-פאבריק, פיהרענדיג דאס געלד צום אויסצאהלען די ארבייטער. די איבערפאלער האבען די אנגעשטעלטע דורך רעוואלווערשיסע פערוואונדעט, האבען צוגענומען דאס געלד און ארויפגעשפרינגען אויף א טראמוויי-וואגען, צווינגענדיג דעם קאנדוקטער, ער זאל ווי אם שנעלסטען פאהרען, שטעהענדיג אויף דעם וואגען האבען זיי נאך אלע זייטען געשאסען, און געגען 20 פערזאנען פערוואונדעט.

דיעזער פרעכער רויב האט אויפגערעגט אלע פער-זאנען, וואס האבען זיך אויף דער שטראסע געפונען. חאטשי די רייבער האבען אונאויפהערליך געשאסען, זע-נען זיי עטליכע פאליציסטען אויף פאהר-רעדער און אויי-טאמאבילס נאכגעפאהרען. אויך דאס פובליקום האט זיך בעטהיילינט אין דער פערפאלגונג.

ווען די רייבער האבען געזעהען, אז עס איז זיי נישט מעגליך, זיך צו רעטען, האבען זיי זיך אליין דער-שאסען. איינער איז געבליעבען אויף'ן ארט טויט, דער אנדערער איז בלויז פערוואונדעט און מען האט איהם געבראכט אין שפיטאל.

מען ווייסט שוין אויך, ווער זיי זענען: איינער הייסט יאקאב און שטאמט פון רינא (רוסלאנד), ער איז געווען מיטגליעד פון דער טערראריסטישען געזעלשאפט. דער אנדערער הייסט העפעלד, עבענפאלס א רעוואלוציא-נער אויס רוסלאנד.

אין לאנדאן הערשט די גרעסטע אויפרעגונג, די פרעסע בעקלאגט זיך, אז די רוסישע רעוואלוציאנערע, וועלכע מען האט ביז איצט אזוי פריי אריינגעלאזט קיין ענגלאנד, זאלען זיך אזוי אבצאהלען פאר דער גאסט-פריינדשאפט.

# בילדער פון דער וואך.



ערנסט ווילדענברוך. אויגוסט שטרינדבערג. [illegible] ווקאוויטש. רעמעטער סטורדזא. יאן בראטיאנו.

ערנסט פון ווילדענברוך, איינער פון די בעדייטענדסטע דייטשע דיכטער און דראמאטיקער, איז פאריגע וואך געשטארבען, 63 יאהר אלט. געבוירען אין ביירוטה (סיריען) אלס זוהן פון דעם דאמאלינען פרייסישען גענעראל־קאנזול, האט ער פערלעבט זיין יוגענד אין אטהען און קאנסטאנטינאפעל און איז ערשט שפעטער געקומען קיין דייטשלאנד, וואו ער האט צוערשט געדיענט ביים מיליטער און דערנאך זיך געווידמעט דער ליטעראטור. ער האט פערעפענטליכט עטליכע גרעסערע ראמאנע, און פיעל געדיכטע. אויך זענען עטליכע פון זיינע דראמאטישע ווערק אויפגעפיהרט געווארען אין די גרעסטע טהעאטערן מיט גרויס עפאלג. אין די לעצטע יאהרען איז ער געווען דער „הויף־דיכטער" פונ'ם דייטשען קאיזער און האט צומייסט געשריבען לויב־ליעדער אויף די האהענצאללערנ'שע פאמיליע.

אויגוסט שטרינדבערג, דער בעריהמטער שוועדישער דיכטער, פייערט דיעזע טעג אין שטאקהאלם זיין 60־סטען געבורטסטאג. שטרינדבערג איז איינער פון די מאדערנסטע דיכטער און זיינע ווערקע זענען איבערגעזעצט אין אלע שפראכען.

נייע מיניסטער. — אין סערביען איז דער גענעראל ציווקאוויטש ערנאנט געווארען צום קריעגס־מיניסטער, נאכדעם ווי דער פריהערע מיניסטער האט געמוזט צוריקטרעטען, ווייל מען האט ענטדעקט גרויסע שווינדעלייען ביי די ליעפערונגען פאר'ן מיליטער.— אין רומעניען איז אויך פארגעקומען א מיניסטער־וועקסעל. דער פריהערינע מיניסטער־פרעזידענט דעמעטר סטורדזא איז צוריקגעטרעטען, ווייל ער איז שוין צו אלט, און אויף זיין שטעלע איז ערנאנט געווארען דער ביזהעריגע מיניסטער דעם אינערן, בראטיאנו, צום מיניסטער־פרעזידענט. אלס נאהענטסטער שכן פון די באלקאן־לענדער איז די האלטונג פון רומעניען אין דער איצטיגער קריזע זעהר וויכטיג און עס איז צו ערווארטען, אז דער נייער מיניסטער וועט זיך פערהאלטען אזוי רוהיג און נייטראל ווי זיין פארגענגער.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער די בילדער פון די פריהער ערוועהנטע 5 וויכטיגע פערזענ־ליכקייטען.

# דר. לעאפאלד קאהן.

אין וויען איז לעצטען פרייטאג געשטארבען דער האף־ און געריכטס־אדוואקאט דר. לעאפאלד קאהן.

דער פערשטארבענע איז געווען איינער פון די ערשטע מיטארבייטער דר. הערצל'ס און א מיטגליעד פון ענגערן ציוניסטישען אקציאנס־קאמיטע, וועהרענד דער גאנצער צייט, וואס די צענטראלע פון דער ציוניסטישער פארטיי איז געווען אין וויען. דר. קאהן איז אויך דורך עטליכע יאהר געווען מיטגליעד פון יודישען קולטוסראטה אין וויען אלס ציוניסטישער פערטרעטער.

דר. קאהן איז געווען איינער פון די ציוניסטען, וואס האבען געקענט דאס יודענטהום נישט אוים צייטונגס־ארטיקעל און זענען נישט געווארען יודיש־נאציאנאל דורך דעם אנטיסעמיטיזמוס, נאר פון דער אור־קוועל, פון דער יודישער געשיכטע און ליטעראטור. געבוירען אין דער בוקאווינא, האט ער אין זיין יוגענד געלערנט העבראיש, תלמוד און יודישע וויסענשאפט. ער האט גוט בעהערשט די יודישע און די העברעאישע שפראכע און זיין אידעאל איז געווען, צו מאכען פון העברעאיש א לעבענדיגע שפראכע. צו דעם צוועק האט ער געגרינדעט פאר עטליכע יאהר דעם אלגעמיינען העברעאישען שפראכפעראיין אין וויען און האט פיעל מיהע אנגעווענדעט, צו גרינדען איבעראל פיליאלען פון דיעזען פעראיין.



דר. לעאפאלד קאהן.

דר. קאהן איז געווען א טיכטיגער רעדנער, א ערנסטער און עהרליכער ארבייטער פאר זיין פאלק. זיין פרוי האט איהם דאפיי מיטגעהאלפען און זי פלעגט אונ־ערמיעדליך אגיטירען אונטער די וויענער פרויען פאר'ן ציוניזמוס. ווען ער האט זיך אויך אין לעצטער צייט צוריקגעצויגען פון דער אקטיווער ארבייט, וועגען מיינונגס־פערשיעדענהייטען מיט די אנדערע ציוניסטישע פיהרער, איז ער דאך געבליעבען טריי זיין אידעאל ביז צום לעצטען אטהעם. תנצב״ה.

# א בלינדער שאך־שפיעל.

דאס שפיעלען אין שאך איז איינע פון די עלטסטע שפיעלען אין דער וועלט. אבער אויך דאס אינטערעסאנ־טעסטע, אמת'דיג שפיעלען שאך, איז קיין בלויזע אונ־טערהאלטונג, קיין איינפאכער צייט־פערטרייב. דאס איז קונסט. דאס איז זאגאר אין געוויסע בעציהונגען וויסענשאפט.

עס זענען אויך דא פיעל לעהר־ביכער איבער דעם שאך־שפיעל, וועלכע בעהאנדלען דאס שפיעל אין ווי־סענשאפטליכער ווייזע.

די גרעסטע מענער פון דער וועלט האבען דעם שאך־שפיעל געווידמעט פיעל אינטערעסע. נאפאלעאן דער ערסטער, איינער פון די גרעסטע קריעגס־קינסטלער, פלעגט פערברענגען שעהנ'לאנג ביים שאך־שפיעלען און מען דערצעהלט אנעקדאטע, אז ער האט געשענקט א גרויס פערמעגען א דייטשען יוד, וועלכער האט ערפונ־דען א מין אויטאמאט, וואס שפיעלט אליין שאך לויט א בעשטימט סיסטעם.

אין דעם ניו־יארקער מוזעאום אים סענטראל־פארק געפינט זיך אויך אזא מעכאנישער אויטאמאט, מיט וועל־כען מען קען שפיעלען שאך. פאר יעדער פארטיע מוז מען אריינוואדפען 10 סענט אין א דאצו בעשטימטען עפנונג און דאס שפיעל הייבט זיך אן. אויטאמאטיש בעוועגען זיך די פיגורען, אויף יעדען צוג פון דעם שפיע־לענדען מאכט דער אויטאמאט א געגענצוג. פרובירט דער מענש צו שפיעלען פאלש, הערט זיך דער אויטאמאט אויף צו בעוועגען, ווען ער וויל אנקינדיגען שאך, קלינגט ער. די פערוואלטונג פון מוזעאום האט אויסגעזעצט א גרויסען פרייז פאר דעמיעניגען, וואס וועט דעם אויטאמאט בעזיעגען. אבער ביז היינט איז דאס נאך קיינעם נישט געלינגען. מען בעהויפטעט, אז אט דיעזער אויטאמאט איז טאקי דעריעניגע, וועלכען דער דייטשע יוד האט ערפינדען פאר נאפאלעאן'ם וועגען.

אויב דאס איז אמת, לאז זיך נישט קאנט־אליערען. עבענזא איז מעגליך, אז אינטער דעם אויטאמאט אין ניו־יארקער מוזעאום שטעהט א מענש, וואס בעוועגט די פיגורען.

טהאטזאכע אבער איז, אז די בעסטע שאך־שפיעלער זענען יודען און ביי אלע גרויסע וועט־קעמפפע אין שאך־שפיעל האבען יודען, ווי דר. לאסקער, מיעזעס. א. ז. וו. בעקומען די ערשטע פרייזע.

ביי די וועלט־קינסטלער איז דאס שאך־שפיעלען שוין אזוי ענטוויקעלט, אז זיי קענען שוין שפיעלען בלינד. דאס הייסט זיי זיצען איבערגעדרעהט מיט'ן פנים פונ'ם שאך־ברעט, אזוי, אז זיי קענען די פיגורען נישט זעהען און דיקטירען אויסענווייניג די צינע, וועלכע זיי ווילען מאכען. ביים שאך־ברעט שטעהט א דיענער און שטעלט די צינע, אזוי ווי עס ווערד איהם דיקטירט.

אזא מין שפיעלען איז דאס שווערסטע, ווייל דער שפיעלער מוז אנשטרענגען זיין געדעכטניס. ער זאל גע־דענקען אלע זיינע פריהערע בעוועגונגען ווי אויך די בע־וועגונגען פון זיין פארטנער און זאל מאכען די ריכטיגע צינע.

אין לעצטער צייט האט שטאטגעפונען אין מינכען אזא מין בלינד־שפיעל צווישען די ביידע בעריהמטע שאך־שפיעלער, מיעזעס און שלעכטער, ביי וועלכען מיעזעס האט געוואונען $2\frac{1}{2}$ פארטיען און שלעכטער $\frac{1}{2}$ פארטיע.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א ארי־גינעלע אילוסטראציע פון אט דעם לעצטען בלינדען שאך־שפיעל צווישען מיעזעס און שלעכטער.

# דוד שפּירא, דער בעפרייער פון פראג.

## היסטארישער ראמאן אויס דער צייט פונ'ם דרייסיגיעהריגען קריעג

בעארבייטעט נאך א. ל. בראכפאָגעל.

(II פאָרטזעצונג *).

דאָס בלאַט האָט 19 שורות, עס קומען אַרויס 38 פערשיעדענע אותיות און ווען אסתר שטעלט זיי צוזאַמען, לעזט זי פאָלגענדע ווערטער:

„כאשר נשבעת בן יהיה, הוא יציל את ישראל ואת תאהבהו".

אסתר קאַטין האָט גוט געקענט לשון־הקודש און מיט לייכטיגקייט האָט זי זיך איבערזעצט די ווערטער: „ווי אַזוי דו האָסט געשוואוירען, אַזוי וועט זיין, ער וועט בעפרייען די יודען און דו וועסט איהם ליעב האָבען".

עטליכע מינוט בעטראַכט אסתר די ווערטער, די אותיות טאַנצען איהר פאַר די אויגען, עס דאַכט זיך איהר אַז זי חלומ'ט. דערנאָך פאַלט זי אַניעדער אויף איהר בעט און פּרעכט אויס אין אַ שרעקליך געוויין.

איהר אַלטע דיענערין, רחל, הערענדיג דאָס יעמער־ליכע געוויין, לויפט שנעל אַריין אין שלאָפצימער און וויל זי אויפהייבען, אָבער אסתר שטופט זי אוועק פון זיך... „איך וויל היינט בלייבען אַליין". זאָגט זי. „לאָז אָב פון מיר!"

די אַלטע רחל, וועלכע איז נאָך געווען דיענערין ביי אסתר'ס מוטער, און האָט אויף איהרע הענד אסתר'ן ערצויגען, האָט אָבער נישט געוואָלט אוועקגעהען.

— דערצעהל מיר, אסתר לעבען, וואָס דיר איז געשעהען! — בעט זי מיט אַ וויינענדיג קול אפשר קען איך דיר העלפען!

אסתר אָבער טרייבט זי פון זיך אַוועק.

— דו קענסט מיר נישט העלפען און קיין מענש קען מיר העלפען! — וויינט זי ווייטער — איך בין דער אונגליקליכסטע מענש אויף דער וועלט און קיינער קען מיך נישט טרייסטען... לאָז אָב פון מיר... איך וויל נישט עסען, נישט טרינקען — איך וויל מיך אויסוויינען — אפשר וועט מיר גרינגער ווערען אויפ'ן האַרץ!

די אַלטע רחל געהט אַרויס פערצווייפעלט. אין אַזאַ צושטאַנד האָט זי אסתר'ן נאָך קיינמאָל נישט געזעהען.

אסתר אָבער פערשליעסט וויעדער דאָס הייליגע ספר גורלות אין דעם שאַפקעלע, לעגט זיך אַניעדער נישט אויסגעטהון אויף דעם בעט און וויינט ביטערע טהרערען.

— איך האָב געזוכט אין דעם ספר גורלות טרייסט פאַר מיין ביטער האַרץ — רעדט זי צו זיך — און אַצינד איז מיר נאָך שווערער ווי פריהער. „עס וועט זיין ווי איך האָב געשוואוירען. ער וועט בעפרייען די יודען און איך וועל איהם ליעב האָבען". אַזוי ענטפערט מיר דאס ספר גורלות אויף מיין פראַגע. אָבער דאָס קען נישט זיין, דאָס דאַרף נישט זיין! איך וועל ליעבער שטאַרבען פאַר בושה, איידער ליעב צו האָבען דעמיעניגען, וועלכען איך האָב היינט אַזוי שטאַרק בעליידיגט...

עטליכע שעה איז אסתר אַזוי געלעגען און געוויינט, ביז זי איז אַיינגעפאַלען אין אַ שטאַרקען שווערען שלאָף.—

פיערטעס קאפיטעל.

אַ טריבער, רעגנערישער טאָג איז אויפגעקומען איבער די אַלטע שטאָדט פּראַג.

דאָס גאַנצע געוועהנליכע לעבען איז געבליעבען שטעהען. דער האַנדווערקער האָט אַ ניעדערגעלעגט זיין ווערקצייג, דער קויפמאַן האָט געשלאָסען זיין געשעפט. אַלע בירגער האָבען אָנגעטהון וואַפען, יעדער איז געוואָרען צום סאָלדאַט.

אויף דעם פּפערדע־מאַרק שטעהען אין לאַנגע רייהען די בהמות, וועלכע דוד שפּירא האָט פריי נאַכט אַריינגעטריעבען, מיט איהם זענען אויך געקומען אַ מאַסע בויערן, אַנטלויפענדיג פאַר די שוועדען, וועלכע האָבען זיך וואָס אַמאָל נעהענטער צוגערייקט צו דער שטאָדט.

אויף דעם אַלטשטעדטער און אויף דעם נייעשטעדטער רינג האָט מען אויסגעשטעלט גרויסע ליניען בירגער־וואַך, וועלכע מען האָט געלערנט זיך בענוצען מיט די וואַפען, אַלע פּאַלאַצען זענען שטאַרק מיט דיענער און בעוואַפענטע קנעכט בעוואַכט. די גאַנצע שטאָדט זעהט אויס ווי אַ שלאַכטפעלד...

נאָר אין דער יודענשטאָדט הערשט אַ שטילקייט ווי אויף אַ בית־הקברות... אַלע טויערן זענען געשלאָסען, אַלע פענסטער פערהאָנגען, מען זעהט קיין לעבעדיגע נשמה.

אויף די גאַסען בעוויזט זיך נאָר דער שמש פון דער אַלטע־שול, וועלכער געהט פון שטוב צו שטוב, צוזאַמענצורופען אַלע יודישע איינוואָהנער אין שול אַריין, ראַט זאָלען זיי בעטען צו גאָט. ער זאָל זיי אָבהיטען אין דער גרויסער געפאַהר, דאָרט וועלען זיי אויך אָבהאַלטען אַ אסיפה, זיך צו בעראַטהען, וואָס זיי האָבען צו טהון.

אויך דער רב, ר' שמעון שפּירא, שטעהט שוין אָנגעטהון, גרייט, צו געהען אין שול אַריין, נעבען איהם שטעהט די רביצין, ציטערנדיג און פערצווייפעלט. זי האַלט איהם ביי די הענד, גלייך זי וויל איהם נישט לאָזען אַליין געהען.

— דער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב וועט מיט אונז זיין און אונז בעשיצען! — טרייסטעט דער רב זיין פערצווייפעלטע פרוי.

אין דעם מאָמענט אָבער הערט זיך אַ שטאַרק קלאַפּען אין טהויער. דערשראָקען עפענט דער רב און זיין זוהן דוד קומט אַריין מיט שנעלע שריט.

אויך ער איז בלאַס און אויפגערעגט. עס איז לייכט צו דערקענען, אַז ער האָט אין די לעצטע שטונ־דען מיט זיך אַ האַרטען קאַמפף דורכגעפיהרט...

דער רב און די רביצין בעטראַכטען זייער זוהן מיט טרויריגע בליקען.

ליעבער פאַטער! — זאָגט דוד — האָסטו איבערגעשמועסט מיט דער מוטער און מיט דעם פאָר־שטעהער וועגען דעם. וואָס איך האָב נעכטען געזאָגט וועגען איהר איינשטימיג מיט מיין פּלאַן?

— מיר האָבען די זאַך איבערגעשמועסט און איבערגעקלערט — ענטפערט דער רב — און מיר האָבען בעשלאָסען, אַז דו זאָלסט טהון דאָס, צו וואָס עס דרענגט דיך דיין האַרץ... מיר האָפען, אַז עס איז גאָט'ס ווילען, וואָס טרייבט דיך דאַצו, און ער וועט דיך פיהרען אין דעם ריכטיגען וועג! —

— דוד, מיין זוהן — זאָגט די מוטער מיט אַ שטאַרקער ריהרונג — דער גייסט, וואָס טרייבט דיך, דו זאָלסט גרייפען צום שווערט און פערטהיידיגען דיינע ברידער און דיין פאָטער־שטאָדט, איז אַ גוטער, אַ הייליגער גייסט... דו ביזט אויפגעשטאַנען אַלס פיהרער פון דיין פאָלק און ווילסט אונז ווייזען דעם וועג, וועלכען מיר זאָלען געהן. און אויב אפילו עס זאָל נישט בעשערט זיין, דיך וויעדער צו זעהען, וועל איך אויך דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט מיך געבענשט מיט אַזאַ זוהן ווי דו! לך לשלום, געה אין פריעדען און האָב גליק אויף דיין וועג! — געהט ביידע, פאָטער און זוהן, דער רב, ר' שמעון שפּירא, וועט זיין דאָס אויג פון גאָט, און זיין זוהן די האַנד פון גאָט, געשיקט צו פערניכטען אונזערע פיינד!

טיעף בעוועגט געזעגנען זיי זיך מיט דער ציטערנדען, וויינענדען פרוי און נעהמען דעם וועג צו דער אַלט־נייע־שול, וואו עס ערוואַרטעט זיי שוין די גאַנצע געמיינדע.

אין שוהל איז פאַסט די גאַנצע געמיינדע פערזאַמעלט, אַלע בעטען מיט טיעפער אַנדאַכט און פערגיע־סען ביטערע טהרערען. דאָס מורמלען פון הונדערטער ליפּען גלייכט דעם שטילען רוישען פון דעם ווינד אין אַ טיעפען וואַלד...

פּלוצלינג ווערד עס שטילער און שטילער, באַלד איז אַזוי שטיל, אַז מען וואָלט געקענט הערען אַ פליעג דורכפליעהען. אַלע אויגען זענען געווענדעט צו דער מזרח־וואַנד, וואו דער רב ר' שמעון שפּירא איז אַרויפגעגאַנגען די עטליכע טרעפּ, וואָס פיהרען צום אָרון־הקודש און נאָכדעם ווי ער קושט דאָס פּרוכת מיט אַ הייליגער פורכט, דרעהט ער זיך איבער צו די פערזאַמעלטע און זאָגט מיט פעסטער שטימע:

„ליעבע ברידער! עס ערוואַרטען אונז וויעדער ערנסטע, טריבע טעג... פאַר אונזערע אויגען ווייזען זיך די שרעקליכע בלוטיגע בילדער, וועלכע מיר האָבען אין די לעצטע יאָהרען אָפט געזעהען! אָבער דער גאָט פון אונזערע עלטערן וועלכער האָט אונז ביז איצט גערעטעט פון יעדער נויט און אונז בעשירמט אין יעדער צרה, קען אונז אויך דאָס מאָל העלפען און פיהרען אין רעכטען וועג. ווען מיר וועלען פערשטעהען זיין וויאָרט און מיר וועלען געהען אין רעכטען וועג! די צרות און די נויט, דער טויד און דאָס פערדערבען, וואָס ערוואַרטען אונז, קומען נישט פון אונזער קייזער פון דעם מלכות, וועל־כען מיר זענען אונטערטהעניג; זיי דראָהען אונז נישט פון דעם פאָלק, מיט וועלכען מיר לעבען זייט דרייסיגען הונדערט יאָהר אין פריעדען — ניין, זיי קומען פון דעם פרעמדען, מערדערישען פיינד, וואָס פערוויסט זייט 30 יאָהר אַ האַלבע וועלט מיט פייער און שווערד, וואָס פערשוינט נישט אפילו זיינע אייגענע גלויבענסבריעדער און וואָס זיין גאַנץ שטרעבען איז נאָר מאָרד, רויב, פּלינדערונג אָהן רחמנות, אָהן ערבאַרמען!.. מיר ווייסען עס גוט, וואָס פאַר אַ שונא דער שוועדע איז; מיר האָ־בען דאָס פאָרינעס יאָהר נוט נעפיהלט, און פיהלען עס נאָך ביז היינט!

וועלען מיר דאָסמאָל בעפרייט ווערען פון דיעזער צרה? — ניין, מיר וועלען נישט זיין פריי! דער שונא וועט קומען, צעהנמאָל שטאַרקער, צעהנמאָל ערגער און צעהנמאָל שרעקליכער! — און ווייסט איהר פאַר וואָס? — ווייל מיר האָבען פאָרינעס מאָל נישט ערפילט אונזער פליכט, ווייל מיר האָבען זיך פאָרינעס יאָהר בעהאַלטען אין געמיינט: ווען עס שלאָגען זיך גוים מיט גוים, וואָס נעהט דאָס אונז אָן? מיר האָבען געצאָהלט געלד און האָבען אויסגעקויפט אונזער לעבען... אָבער אונזער האַנד האָבען מיר נישט אויפגעהויבען געגען דעם פיינד פון דיעזער שטאָדט, פון דיעזען לאַנד!... איבער דעם וועט דיעזער פיינד אַצינד נאָכאַמאָל קומען איבער אונז אָהן רחמנות, אָהן מיטלייד. אונזער געלד האָט איהם געשמעקט און ער וועט עס וועלען וויעדער פערזוכען!

אָבער מיר מוזען דאָסמאָל ענדערן אונזערן וועג. מיר מוזען זאָגען צו אונזערע מיטבירגער! „אייערע פיינד זענען אונזערע פיינד, אייער נויט איז אונזער נויט!" מיר מוזען אונז צוזאַמענגעהמען און קעמפפען פאַר אונזער שטאָדט, פאַר אונזער לאַנד, פאַר אונזער קייזער! מיר מוזען שיצען זיין רעכט און זיין קרוין אַזוי ווי ער און זיינע עלטערן האָבען אונז תמיד בעשיצט קעגען אונזערע פיינד!

*) נייע אַבאָנענטען ערהאַלטען די פריהערדיגע פאָרטזעצונגען אויף פערלאַנגען גראַטיס צוגעשיקט.

ווער עס פיהלט זיך שוואך, זאל בלייבען אין דער היים; ווער אָבער עס האָט מוטה צו ערנרייפען דאס שווערד, דער זאל קיין מינוט צענערן! מיר וועלען נישט ויעדער אונזער לעבען קויפען פאר געלד, מיר וועלען נישט מעהר זיין צו שאנד און שפאט פון אונזערע שכנים.

איך אליין, אייער רב, וועל זיין דער ערשטער. וואס וועט זיך אקענענשטעלען דעם שונא! אלעס, וואס איך האב, וויל איך אפפערן, כדי די שטאדט פראג צו שיצען קענען דעם שונא, מיין פערמעגען, מיין געלד און אויך מיין לעבען! מיין איינציגער זוהן, מיין בן־יחיד, וועט זיין אייער פיהרער און ווער עס פיהלט זיך נענוג שטארק, זאל זיך שטעלען אונטער זיין קאמאנדא!

ווער עס וויל געבען געלד, זאל עס איבערגעבען דעם פארשטעהער יואל צמח; ווער אבער עס וויל קעמפפען, זאל זיך מעלדען צו מיין זוהן דוד!

איך וועל אייך דערמאלט פיהרען צום שטאטהאלטער גראף קאללאראדא און וועל איהם זאגען: דא ברענגען מיר אונזער געלד און דא ברענגען מיר אונזערע קעמפפער, אונזערע גבורים, אונזער פערמעגען און אונזער כח — כדי אונזער געליעבטע שטאדט צו שיצען! און דער גאט פון אברהם, יצחק און יעקב [illegible] אינז!"

דער רב האט גערעדט מיט א פעסטער שטימע, ווי א נביא. די געמיינדע האט איהם אויסגעהערט שטיל און טיעף בעוועגט. לאנגזאם נעהט אצינד דער רב ארויס פון דער שול. דער פארשטעהער יואל צמח און אלע געמיינדע־מיטגליעדער נעהען איהם נאך, קיינער וואגט עס, א ווארט צו רעדען — דעם רב'ס רעדע האט אויף אלע געמאכט א געוואלטיגען איינדרוק.

פינפטעס קאפיטעל.

אסתר קאטץ האט פערברענגט א אונרוהיגע נאכט. בייזע חלומות האבען געשטערט איהר שלאף און זי האט שוין ארויסגעקוקט, עס זאל אנהייבען צו טאגען.

אבער ווען אויך איהר נשמה איז געוועזען שווער, איהר הארץ טרויריג און פערביטערט, איז זי נישט אים גאנצען געוועזען נעבראכען. אסתר קאטץ איז געוועזען א שטארקע נאטור, וועלכע האט געטראצט אלע צרות און ביטערקייטען.

ווען זי איז אלט געוועזען קוים 14 יאהר, איז זי געבליעבען א יתומה אהן טאטע־מאמע. דער פארשטעהער ר' יואל צמח האט זיך פאר איהר אנגענומען און האט דאס יונגע קינד בעשיצט. ווי אלע מיטגליעדער פון דער בעריהמטער משפחה קאטץ איז זי געוועזען זעהר קלוג און פאר איהרע יונגע יאהרען, ערנסט און ערפאהרען, זייענדיג די רייכסטע יודישע טאכטער אין פראג, האט זי עס פערשטאנען, אז איהרע קרובים, וואס דרעהען זיך ארום איהר, מיינען נישט בלויז איהר טובה, נאר זיי ווילען אויך אבלעקען א ביין און איבערדעם פלעגט זי זיך פון זיי צו האלטען א ביסעל דערווייטערט. איהר זענען מיינע בלוט־קרובים, אבער נישט מיינע געלד־קרובים — פלעגט זי שטענדיג זאגען, און דאס האט איהר געמאכט א שם, אז זי איז קארג, איינגעבילדעט, שטאלץ אויף איהר פערמעגען און אויף איהר יחוס.

וואס עלטער זי איז געווארען, אלץ מעהר איז זי פרעמד געבליעבען איהר משפחה. מען קען אויך זאגען, אז איהר הארץ איז טאקי מיט דער צייט א ביסעל פערשטיינערט געווארען און דאס, וואס זי פלעגט פריהער געבריבען בלויז אויס פאזיכט, איז איהר געווארען צו א צווייטער נאטור, „הרגל נעשה טבע", איז דאך א בעקאנט שפריכווארט, „געוואהנהייט ווערד צו א נאטור־זאך".

נאך שטארקער האט זיך איהר שטאלץ, איהר פערביסענהייט און איהר בלאזען ארום־זיך ענטוויקעלט, ווען זי האט ערייכט די יאהרען, אין וועלכע עס פלעגען אין די רעמילטינע צייטען די יודישע טעכטער חתונה צו האבען. אין גאנץ פראג האט זי פאר זיך קיין פאסענדען שידוך נישט געפינען; און יעדען האט זי ענטדעקט א חסרון, א פעהלער, א אונגלייכהייט — און פון דער פרעמדער א שדוך איז ביי די רעמילטינע אונרוהיגע קריעגס־צייטען געוועזען אונמעגליך...

אזוי איז זי מיט דער צייט געבליעבען אליין אהן פריינד, אהן חבריטעס, אהן קרובים. זי האט אלע פון זיך דערווייטערט און נאר זעהר ווענינע פון איהרע יונגע פריינדינען האבען געהאט די זכיה, זי זאל זיך זיי אנפערטרויען.

דאס, וואס איז מיט איהר זייט נעכטען פאסירט, האט זי געמאכט שטארק אויפגערעגט און נערוועז... און חאטשי זי האט אין די פיעלע אונרוהיגע נאכט־שטונדען, וואס זי האט פערברענגט, גענוג נאכגעדאכט און נאכגעקלערט און געפונען, אז איינענטליך איז איהר גאר קיין שלעכטס פאסירט, איז זי אויך דעם אנדערען טאג געוועזען שטארק אויפגערעגט און פערביטערט.

זי האט איהר דיענערין רחל געגעבען דעם בעפעהל קיינעם נישט אריינצולאזען צו איהר. און ווען עס איז צו איהר נאכמיטאג געקומען איהר בעסטע פריינדין טאבעלע, האט זי איהר אויך געהייסען אבזאגען.

אבער נאך איידער טאבעלע איז ארויסגעגאנגען איז אנגעקומען אסתר'ס אלטע מוהמע, די זיעבציגיעהריגע ער׳ יבמה לקח, די אלמנה פון דעם בעריהמטען מהר"ל מפראג, פון וועלכען מען דערצעהלט נאך ביז היינט די מערקווירדיגסטע ספורי מעשיות, לעגענדען און אנעקדאטען.

די אלטע דיענערין האט נישט געפונען דעם מוטה דער אלטען עהרווירדיגער גרייזין ארצוזאגען און זי איז געקומען מעלדען אסתר'ן דעם זעלטענעם בעזוך.

אסתר האט זיך אויף איהר אבגעבייזערט:

— האסט איהר נישט געזאגט, אז איך בין קראנק און קען קיינעם נישט אויפנעהמען? — זאגט זי — ווען איך האב אפילו טאבעלען נישט אריינגעלאזט, וועל איך דאך אנדערע מענשען זיכער נישט אויפנעהמען!

אבער איידער די אלטע דיענערין וויל עפיס ענטפערן, עפענט זיך די טהיר און די אלטע פרוי קומט אריין...

— די עלטסטע שוועסטער פון דיין מאמע ווילסטו נישט אריינלאזען, שטאלצע אסתר — זאגט די אלטע נעקרענקט — האטשי דו ווייסט נישט, אויך עס וועט דיר נאך זיין באשערט זי צו זעהען איידער זי שטארבט! — איך לאז מיך נישט ארויסטרייבען, ווי די ארומע טאבעלע! ווען די זעהסט נישט און הערסט נישט, ווי די וועלט ברענגט אין אלע פיער עקען, וועסטו דאך ווענינסטענס זיין גענוג געזונד, צו קענען מיך אויסהערען!

— ווען דו ביזט שוין דא מוהמע — זאגט אסתר גלייכגילטיג — מעג שוין אויך טאבעלע אריינקומען.. רחל, רוף זי אריין!

די דיענערין געהט ארויס און די אלטע מוהמע זאגט:

— דו ווייסט נאר נישט, אסתר, וואס עס טהוט זיך אין פראג? יעדע מינוט קענען אונז די שוועדען איבערפאלען!

— איך ווייס אפילו יא — ענטפערט אסתר — איך האב שוין נעכטען דאפון געהערט!

— אבער עס איז דיר אין איין אויער אריין און דורכ'ן אנדערען ארויס? — בעמערקט די מוהמע.

— וואס קימערן מיך די שוועדען? — זאגט אסתר — וואס האב איך מיט זיי צו טהון? ווען מען וועט דארפען נדבות, וועל איך שוין אליין געבען און איך ברויך נישט דאצו דיינע עצות! איך האב דאס שוין נעכטען געזאגט דעם רב... — וואס־זשע ווילסטו נאך?

— וואס דו האסט צו טהון מיט די שוועדען, אסתר מיין קינד? — פרעגט די מוהמע — דאס איז ריכטיג, זיי נעהען דיך נאר נישט אן... עס איז נאר די פראגע, אויב זיי וועלען נישט האבען מיט דיר צו טהון! איך ווייס דאס שוין לאנג, אז דו האסט נישט קיין הארץ, קיין ווארם פיהלענד און עמפפינדענד הארץ — דיר מוז ערשט דער פעליץ אויפ'ן לייב ברענען, איידער דו פיהלסט די נאָטה פון אנדערע!...

— רבקה'לע לעוו — אונטערברעכט זי אסתר שנעל — דו ביזט די שוועסטער פון מיין מוטער, אבער מיין מוטער ביזט דו נישט און דו קענסט נישט וויסען, וואס עס טהוט זיך אין מיין הארץ! — מיינסטו אפשר ווייל עס איז אין מיין הארץ קיין פלאץ נישט פערהאנען פאר דיינע צוויי זוהן, איז עס שוין אים גאנצען לעער און אהן געפיהל?

די אלטע מוהמע שפיגט ביי דיעזע ווערטער אויפגערעגט פון איהר פלאץ... אסתר האט מיט איהר בעמערקונג אויפגעריסען אן אלטע וואונדע אין איהר הארץ. — זי פאסט זיך אבער באלד און ענטפערט רוהיג:

— איך בין נישט געקומען צו דיר וועגען מיין אהרן אדער וועגען מיין יצחק; זיי זענען שוין מיט דיר פארטיג. זיי האבען שוין אין דיר גאנץ פערגעסען! ווען די קאטץ וויל נישט חתונה האבען מיט א לייב, מעג זי זיך מאכען א בעסערע פארטיע! איך בין דיר נאר געקומען זאגען, דו זאלסט נישט מיינען, או ווייל איך האב דיך פאריגעס יאהר בעהאלטען ביי מיר אין הויז און די יודען פון פראג האבען זיך אויסגעלייזט ביי די שוועדען פאר הונדערט טויזענד דוקאטען, מען זאל זיי נישט שענדען און פלינדערן ווי די קריסטען, וועט עס דאסמאל אויך אזוי זיין, ווען די שוועדען וועלען קומען! ניין, אסתר קאטץ, דאסמאל וועט עס נישט אויסגעהן צום געלד'ס קאפ! איך וועל נישט מעהר זיין אזא נאר, דיך ביי מיר צו בעהאלטען און מיך אויסזעצען דער גרעסטען געפאהר!

דו פרעגסט, וואס קענען דיר טהון די שוועדען? געווייסער נאט, גיעב נאר א פרעג ביי די קריסטען, וועסטו שוין הערען, וואס עס איז געשעהען מיט זייערע ווייבער און מיט זייערע טעכטער... די האאר וועלען זיך דיר שטעלען קאפויער, ווען דו וועסט הערען, ווי דארט זענען געשענדעט געווארען ווייבער און קינדער, ווי מאן און ווייב, פאטער און זוהן, מוטער און טאכטער זענען געווארען געפייניגט מיט די שרעקליכסטע קוואלען!

וויעפיעל אונגליקליכע פרויען האבען זיך דערנאך גענומען דאס לעבען פאר בושה, וויעפיעל זענען משוגע געווארען פאר צרות!

די אלטע פרוי רעדט מיט שטארקער ענערגיע. יעדעס פון איהרע ווערטער בויערט זיך איין אין אסתר'ס הארץ.

— הכלל, וואס דען זאלען מיר טהון? — פרעגט זי אצינד גלייכגילטיג — האבען מיר דען איין אנדערע עצה, ווי זיך אויסקויפען פאר געלד?

— יא! — ענטפערט די אלטע מוהמע — יא, מיר האבען איין אנדערען וועג! שטאט דאס געלד צו געבען דיווילדע, רייבערישע שוועדען, זאלען מיר עס ליעבער פערווענדען צום שוץ פון דער שטאדט... וואלטען מיר פאריגעס יאהר אזוי געטהון, וואלטען מיר היינט פאר די שוועדען קיין מורא געהאט! דו פרעגסט, ווער עס זאל אונז שיצען! מיר אליין! מיר אליין מיט גאט'ס הילף זאלען אונז שיצען!

אונזערע מענער זענען היינט צוזאמענגענומען אין דער אלט־ניי־שול. דא־ט האבען זיי אויסגענאסען זייער ביטער הארץ פאר דעם גאט פון אונזערע עלטערן און מיט טהרערען געבעטען ער זאל אונז בייזשטעהן. דערנאך האט דער רב ר' שמעון שפירא געהאלטען א גרויסע רעדע און בעוויעזען, אז מיר האבען די פליכט, מיט צוהעלפען צו שיצען די שטאדט געגען די שוועדען, אזוי ווי דער קאיזער און די בירגער שיצען אונז אין אלע צייטען! דער רב האט געשפראכען ווי א נביא און אלע מענער זענען געוועזען טיעף ערגריפען און געריהרט. דער רב האט אוועקגעגעבען זיין גאנץ פערמעגען, צו פערטהיילען די ארימע בעוואוהנער און זיין זוהן דוד שפירא האט אויפגערופען אלע שטארקע מענער, זיי זאלען זיך פעראייניגען מיט איהם און קעמפפען קענען די שוועדען, כדי די שטאדט פראג צו בעפרייען פון דעם קאיזער'ס פיינד!

(פארזעצונג קומט).

# בכל־מכל־כל.

(פתח־שין — שא! — דער „רעדע־קאיזער" מוז שווייגען — מאראליש געפיהל אדער פחד — שטומע פערזאמלונגען אין פּרייסיש־פּוילען — קעניג עדוארד'ס שטילע פאליטיק — די באלקאן־פאליטיקער זאלען ליעבער שווייגען — די טירקיי בעקומט געלד פאר שווייגען — די אספת־הרבנים און די פּוילישע פּרעסע — „ויצמח פורקניה ויקרב משיחיה").

פתח שין — שא.

דיעזע טעג פייערט דער קאיזער פון דייטשלאנד, ווילהעלם .II, זיין 50־סטען געבורטסטאג. אלע דייטשע בונדעספירסטען וועלען זיך פערזאמלען אין בערלין, זייער קאיזער צו גראטוליר'ען. אין גאנץ דייטשלאנד וועט דער טאג געפייערט ווער'ען מיט גרויס פּאראד, און אלע שטעדט וועט מען אבהאלטען פעסט־באנקעטע, פייערליכע גאטעס־דיענסטע, טאאסטע און פעסט־רעדען — גאנץ דייטשלאנד וועט זיך רודער'ן...

נאר איינער וועט שווייגען — דוקא דער, וואס האט אזוי ליעב צו רעדען, וואס דאס רעדען, דאס עפענטליכע רעדען איז זיין אייגענטליך עלעמענט, וואס פון דעם קלאנג פון זיינע ווערטער שעפּט ער דעם גרעסטען נחת, אט דער, וואס מען האט איהם געקריינט מיט דעם נאמען „דער רעדע־קאיזער"...

קאיזער ווילהעלם .II, דער „רעדע־קאיזער", וועט שווייגען; ער וועט בעצווינגען זיינע ליפּצען, צוריקהאלטען די ווערטער, וואס דרענגען זיך ארויסצוגעהן פון זיין מונד, „כל עצמותיו תאמרנה", זיין גאנצער קערפּער, זיינע אויגען, זיינע הענד, זיין גאנצער ארגאניזם, זיין טעמפּעראמענט וועלען רעדען, זיך בעוועגען — אבער די צונג, דאס ארגאן, וואס איז בעשאפען צום רעדען, וועט שווייגען — פתח־שין — שא...

„דער נויט געהארכענד נישט אויס אייגענעם טריעב", וועט דאס געשעהען... קאיזער ווילהעלם, דער גלענצענדע רעדנער, דער געשיקטע רהעטאריקער, וואס יעדע זיינע רעדע איז א קליין מייסטערשטיק, האט נישט פערלוירען דעם התוך־הדבור. ער האט נישט פערלוירען דעם חשק צו גלענצען מיט זיין שפּרעך־ארגאן... אך ווי גערן וואלט ער גערעדט, זיך אבגערעדט פונים הארץ, פרייגעלאזט זיינע געדאנקען, וואס שפּרודלען ווי א לעבענדיגע קוואל — אבער ער טאר נישט, זיין פאלק האט עס איהם פערבאטען, זיין פּארלאמענט האט עס אונטערזאגט, זיינע מיניסטער האבען איהם בעפוילען צו שווייגען, און אלס קאנסטיטוציאנעלער מאנארך מוז ער געהארכען, מוז ער פאלגען — פתח־שין — שא...

מען האט איהם פערבאטען צו רעדען, ווייל אין זיין אינטערוויו מיט א ענגלישען רעדאקטער האט ער ארויסגעזאגט סודות פונ'ם חדר, ענטדעקט די געהיימניסע פון דער דיפּלאמאטיע; מען האט איהם פערבאטען צו רעדען, ווייל די ענגלענדער זענען געווארען נערוועז. דיעזעלבע ענגלענדער וואס האבען מיט דער גרעסטער גלייכגילטיגקייט אונטערי(א)כט א האלבע וועלט, וואס אונטער זייער הערשאפט שמאכטען הונדערטע מיליאנען אינדיאנער, וואס האבען מיט א עמפּערענדער קאלטבלוטיגקייט אוועקגענומען ביי דעם טאפּפערן העלדענמוטהיגען בורען־פאלק זיין אונאבהענגיגקייט, זיין זעלבשטענדיגקייט, דיעזעלבע ענגלענדער, פאר וועלכע עס איז קיין געזעץ הייליג, קיין רעכט אונבעריהרבאר, ווען עס האנדעלט זיך וועגען זייערע עגאאיסטישע אינטערעסען, דיעזעלבע ענגלענדער, וואס זייער קאלטבלוטיגקייט איז שפּריכווערטליך געווארען, — אט זיי זענען אצינד מיט איין מאל נערוועז, אויפגערעגט. און די בראווע דייטשע „מיכעלס" צווינגען זייער קאיזער צו שווייגען, כדי דער פעטער עדואַרד זאל קענען רוהיג שלאפען... שטיל, שא! — רופען זיי — שטיל, פתח שין — שא...

און ער מוז שווייגען דער „רעדע־קאיזער"! ער טאר נישט רעדען, אפילו פאר זיינע אייגענע גענעראלע, פאר זיינע אייגענע בונדעס־פירסטען, אפשר נאך אפילו פאר זיין אייגענע פאמיליע... די רעדע, וואס עס האט געהאלטען אים נייע־יאהר פאר זיינע גענעראלע האט וויעדער נערוועז געמאכט די ענגלענדער און זיין פאלק הייסט איהם שווייגען — פתח שין — שא...

די דייטשען, דאס פאלק דער דענקער און דיכטער, האבען מיט אמאל מורא בעקומען פאר יעדעם הויכען ווארט, — פאר יעדען פייזען בליק... זיי האבען מורא נישט בלויז פאר די ענגלענדער מיט זייערע הונדערטע קריענסשיפּען און זייערע אינטריגעס, זיי האבען אויך מורא בעקומען פאר די פראנצויזען... אין דעם דייטשען רייכסטאג האט מען אויפגעהאנגען א בילד, וואס שטעלט פאר דעם זיעג פון די דייטשען איבער די פראנצויזען אין דער שלאכט ביי סעדאן, דער דענקווירדיגען שלאכט, אין וועלכער עס איז געלעגט געווארען דער פונדאמענט צו דעם היינטיגען, מעכטיגען דייטשען רייך... אבער קוים האט די פראנצויזישע פרעסע אויסגעדריקט איהר אונצופריעדענהייט מיט דעם בילד, וואס דערמאנט זיי דעם ביטערסטען מאמענט פון זייער געשיכטע — האט מען שנעל דאס בילד ענטפערנט... און דער דייטשע קאיזער, דאס אייניקעל פון דעם זיעגער ביי סעדאן, דעם גרינדער פונ'ם דייטשען רייך, מוז שווייגען... פתח שין — שא...

אט אזוי וויל עס דאס דייטשע פאלק!

עס וואלט דאס אפשר געווען זעהר ריכטיג, „סיג לחכמה שתיקה", איז אן'אלטער כלל, „גם אויל מחריש חכם יחשב", אפילו א נאר ווען ער שווייגט, מיינט מען אז ער איז קלוג, האט שוין שלמה המלך געזאגט... עס וואלט זעהר גוט געווען, ווען די דייטשען זאלען הייסען זייער קאיזער שווייגען, ווייל זי ווילען שוינען די עמפּפינדליכקייט פון די אנדערע פעלקער — דאס וואלט געווען דער גרעסטע מאראלישע ערפאלג, דער גרעסטע קולטורעלע פארטשריט...

ליידער אבער איז עס נישט אזוי! דיעזעלבע דייטשען, וואס הייסען זייער קאיזער שווייגען, כדי צו שוינען די נאציאנאלע עמפּפינדליכקייט פון די ענגלענדער און פון די פראנצויזען, דיעזעלבע דייטשען טרעטען מיט די פים די רעכטע פון די פּוילען אין דייטשלאנד, פערביעטענדיג זיי זיך צו בענוצען מיט זייער נאציאנאלער שפּראכע. „פתח שין — שא!" בעפעהלען זיי די פּוילען, איהר טארט אויף אייערע פערזאמלונגען נישט רעדען אין אייער נאציאנאל־שפּראכע... אין פּרייסיש־פּוילען ווערען איצט אבגעהאלטען שטומע פאלקספערזאמלונגען. מען לעגט בלויז פאר א געשריעבענע רעזאלוציע און די פערזאמלונג נעמט זי אן אויפהייבענדיג די הענד — קיין ווארט ווערד גערעדט, קיין מויל ווערד געעפענט... פתח שין — שא!...

עס איז אלזא נישט דאס מאראלישע געפיהל פון די דייטשען, וואס הייסט זי שוינען די נאציאנאלע עמפּפינדליכקייטען פון אנדערע פעלקער... ניין, עס איז זייער פורכט פאר די שטארקע שכנים, זייער פחד פאר דער גאנצער וועלט, וועלכע זיי האבען דורך זייער יאהרעלאנג בעטריעבענע ברוטאלישעט געררייצט... און איבערדעם איז זייער פארנעהען, דעם קאיזער דאס רעדען צו פערביעטען, נור טראגי־קאמיש... זאלען זיי ליעבער זעלבער שווייגען, נישט אויפרייסען דאס מויל און וועלען פערשלינגען די גאנצע וועלט, זאלען זיי אנדערש בעהאנדלען די שוואכע, די פּוילען, די יודען, די דענען א. ז. וו.; זאלען זיי ליעבער זיך אליין צורופען: פתח־שין — שא!...

פתח־שין — שא!... „סיג לחכמה שתיקה", אט דאס האט זיך קעניג עדוארד פון ענגלאנד געמאכט צום פּרינציפּ... זינטדעם ער זיצט אויף דעם ענגלישען טהראן, פיהרט ער ארום די גאנצע וועלט ביי דער נאז, אבער ער רעדט קיין ווארט. ער פאהרט ארום פון לאנד צו לאנד. באלד איז ער אין בערלין, באלד אין פּאריז, אין רוים, אין וויען, אין מאדריד, אין מאראקא, אין רעוואל — איבעראל שליעסט ער אב די בעסטע געשעפטע, אזוי אז אלע געשעפטס־רייזענדע וואלטען איהם געמענט מקנא זיין... די ענגלישע פאליטיק איז פול אין אלע ווינקעליך, ווי מען וויל נישט, איז זי דא — אבער קעניג עדוארד שווייגט, מען הערט קיינמאל נישט, וואס ער וויל, ער ענטדעקט קיינעם נישט זיינע געדאנקען, ער רעדט נישט, נאר ער טהוט — און דאס איז דער גרונד פון זיינע קאלאסאלע ערפאלגע... פתח־שין — שא!...

עס איז דאס נאר קיין שום חידוש נישט! קעניג עדוארד האט געהאט א גוטע שולע... אין זיין יוגענד איז ער געווען א „לעבעמאן", און אין אזוינע רעליקאטע ענינים, וואס „אין מגלין אלא לצנועים", מוז מען זיין שטרענג דיסקרעט, א גרויסער בעל־סוד... פתח־שין — שא... אט די געוואהנהייט איז איהם געווארען צור נאטור, און ער ווענדעט אן דאס פּרינציפּ „פתח־שין — שא" אויך אין זיין פאליטישער טהעטיגקייט — אין דעם ליעגט זיין ערפאלג: פתח־שין — שא!...

„פתח־שין — שא!" אט דאס פּרינציפּ וואלטען געמענט די פּאליטיקער פונ'ם באלקאן א ביסעל מעהר אכטען. וועלען זיי זיכער בעסער פאהרען! וואס האט, למשל, געטויגט דעם סערבישען מיניסטער דעם אייזערן מילאוואנאוויטש, דאס האלטען פון זיין גרויסער רעדע קענען עסטעררייך. אז ער האט זי שפּעטער מיט דריי טעג געמוזט ווידעררופען און ערקלערען דעם עסטעררייכישען אמבאסאדאר, „נראף פארנאך"; „וואס איך האב גערעדט האב איך געבילט!..." ליעבער האט ער געמענט פריהער שווייגען, פתח־שין — שא...

וואס טויג דעם סערבישען קראנפּרינץ געארג, דעם אונערשראקענעם העלד, דאס פיעלע רעדען קעגען עסטעררייך, אז ער וועט דאמיט נאר נישט פועלן און בלאמירט זיך נאר פון טאג צו טאג מעהר? וועלכען צוועק האט פערפאלגט דער מאנטענעגרינישער מיניסטער דעם אייזערן מיט זיין רעדע אם לעצטען פרייטאג אין דער מאנטענעגרינישען סקופּשטינא, אין וועלכער ער העצט אויף די סערבען אין עסטעררייך צו א רעוואלוציע, חאטשי ער וועט בוודאי אין א פּאר טעג ארום מוזען אלעס צוריקרופען און זיך נאך ענטשולדיגען דאצו? איז רען נישט ליעבער זיי זאלען שווייגען! פתח־שין — שא!

אויך די טירקען האבען זיך געהאלטען אין דעם פּרינציפּ: פתח־שין — שא! זיי האבען נישט געשריען, נישט געליארמט, ווען מען האט ביי זיי צוגענומען באסניען־הערצעגאווינא און אסטרומעליען; זיי האבען זיך בעגנינט מיט א פּראטעסט און ווייטער האבען זיי געטהון: איינגעפיהרט א באיקאט און האבען טאקי אויסגעפיהרט: עסטעררייך־אונגארן צאהלט 60 מיליאן, בולגאריען וועט צאהלען 200 מיליאן און אפשר מעהר... מען זעהט, דאס בעסטע מיטעל אין דער פאליטיק איז היינט: פתח־שין — שא!

פתח־שין — שא!... וואלטען געמענט אויך אונזערע רבנים און רביים, די טהיילנעהמער פון דער אספת־הרבנים, זיך מאכען צום פּרינציפּ... זיי בוודאי, ווארין ווי ווייניג אונזערע רבנים זאלען נישט זיין בקיאים אין תנ"ך, בפרט אין משלי, לערנען זיי דאך זומער יעדען שבת פרק און וויסען די טייטש פון „סיג לחכמה שתיקה"... וואס טויג אייך אויפצושטעלען אזוינע מין פארדערונגען, ווי איינצופיהרען א נייע גייסטיגע אינקוויזיציע, אויך צו געבען דאס רעכט צו פערביעטען דרוקען ספרים און צייטונגען וכדומה. ווען איהר קענט אליין פערשטעהן, אז דאס זענען אונמעגליכע זאכען! צו וואס פערב־ענגט איהר די צייט און מיטשעט אייערע מוחות מיט אזוי זאכען, וואס זענען נישט מעגליך צו ערייכען — וואס מאכט אן א רעש און מהומה. שווייגט בעסער, פתח־שין — שא!

פתח־שין — שא! רופען מיר אויך צו דער פּוילישען פּרעסע אין ווארשא, וועלכע איז אזוי שטארק אויפגערעגט ווענען דער אספת־הרבנים און נעמט אן א פולען מויל מיט פראזען: קלעריקאליזמוס, פאנאטיזמוס, רעאקציע, טהעאקראטיע און נאך און נאך! — ראס, ליעבע פריינדע, איז נישט אייער עסק! איהר האט גענוג

קלעריקאליזמוס. פאנאטיזמוס און רעאקציע ביי אייך צו בעקעמפפען... ביי אונז וועלען מיר שוין אליין די ארבייט בעזא־גען!

דאס פא־נעהען פון דער פוילישער פרעסע דער־מאנט אין א בעקאנטער אנעקדאטע: דער לעמבערגער רב ר׳ יוסף שאול נאטאנזאהן ז״ל איז געווען א גרויסער מקפיד. עס זאל אין זיין בית־המדרש געדאווענט ווע־רען נאר לויט דעם נוסח־אשכנז. אמאל האט נע־ארע געדא־ווענט פאר׳ן עמוד א פרעמדער חסיד און דער שמש האט איהם אנגעזאגט, ער זאל אבסולוט געבען ביים קדיש, נישט צו זאגען דעם נוסח־ספרד. דער חסיד, זייענדיג געוואהנט תמיד צו דאווענען ספרדיש, האט זיך ביים לעצטען קדיש פערגעסען און אנגעהויבען צו זאגען: „ויצמח פורקניה ויקרב משיחיה״; דער שמש האט איהם פון אונטען א ציעה געגעבען ביי דער בעקישע און ער האט זיך צוריקגעהאפט: „ניין, ניין, נישט ויצמח פורקניה״. דעמילט איז דער רב צו איהם צוגעקומען און געזאגט מיט כעס: „יא, ויצמח פורקניה ויקרב משיחיה, אבער אזא עם־הארץ ווי דו ברויכט דאס נישט צו זאגען!״

טאקי אזוי, רבותי פון דער פוילישען פרעסע! יא קלעריקאליזמוס, רעאקציע — אבער אייך געהט דאס נאר נישט אן, זעהט צוזעשט פארטיג צו ווערען מיט אייערע קלעריקאלע, מיט אונזערע וועלען מיר זיך שוין אליין איין עצה געבען! פתח־שין — ש א!...

פתח־שין — ש א!... אוי איז דאס א טייער פרינציפ... איך געדענק נאך די תורה פונ׳ם חדר אויס, ווען דער רבי האט מיך מכבד געווען מיט׳ן קאנטשיק אין מיר דאס איינגעפ־ענט גוט אין מח אריין... איך וואלט אייך נאך געקאנט בעווייזען מיט פיעל פאקטען, ווי א טייער מיטעל דאס איז. אבער עס איז שוין שפעט און איך האב אייך שוין געגונג געדולד דעם קאפ היינט... איהר וועט מיר שוין טאקי באלד זאגען, איך זאל נישט רעדען אזוי פיעל... פתח־שין — ש א!

ווייל איך טאקי שוין געהן און האט מיר א גוטען שבת.

# אויסגעפיהרט דאס „עקשנות״...

(הומאָרעסקע).

ר׳ לייבעלי סעלדשטיין איז א שיינער יוד, א תלמיד־חכם, א מיוחס, און א נגיד דאצו. זיין פאטער איז גע־ווען רב אין א קליין שטעדטיל און אויך ער האט געזאלט ווערען א רב, אבער תיכף נאך זיין חתונה איז זיין שווער, א גרויסער נגיד, געשטארבען, איבערלאזענדיג א גרויס פערמעגען און עטליכע זעהר גוט געהענדע געשעפטע. האבען זיך די קינדער איינגעטהיילט מיט׳ן פערמעגען און מיט די עסקים. ר׳ לייבעלי האט איבערגענומען א דאמפפ־מיהל און איז געווארען א סוחר.

זיין איינציגע טאכטער, חנה־לאה, אדער ווי זי פלעגט זיך רופען: געטא־לוירא, האט ער געלאזט ערציעהען ווי א יודישע טאכטער בעדארף ווערען ערצויגען, ער האט נאטירליך נישט געוואוסט, אז זיין פרוי, די טאכטער פון א גרויס־שטעדטישען נגיד, איז שוין א ביסעל מארערן און אז הינטער זיין רוקען לערנט זיין בת־יחידה פראנ־צעזיש, קלאוויער, לעזט ראמאנע, געהט אויפ׳ן אייז און פערקעהרט מיט יונגע לייט.

געווארען געווארען איז ער פון דעם סוד ערשט אצינד, ווען חנה־לאה איז אלט געווען 17 יאהר און ר׳ לייבעלי האט פאר איהר אנגעהויבען צו זוכען שידוכים.

ער האט נישט לאנג געזוכט. ר׳ גדליה בערנער, א גרויסער מעהל־סוחר איז א שענער יוד, א גוטער לערנער א מיוחס, שטארק אנגעזעהען ביים רבי׳ן און זיין זוהן ירוחם׳ל האט א שם פאר א פיינען בחור. דאצו גיבט ר׳ גדליה זיין זוהן 20,000 קראנען נדן — עס איז א גלייכער שידוך פון ביידע צדדים.

אין דער רבי ואל לעבען, ביי וועלכען זיי זענען לעצטען שבת־חנוכה צוזאמענגעקומען, האט מסכים געווען און דער שידוך איז שוין טאקי פארטיג.

פרעגען די קינדער ברויכט מען נישט. דער כלה׳ס פאטער וועט איינלאדען זיין מחותן מיט׳ן זוהן צו זיך, דאס יונגע פאר־פאלק וועלען זיך בוודאי געפעלען — דער רבי האט דאך געזאגט, אז עס איז א זווג מן השמים — און מען וועט טאקי באלד שרייבען תנאים.

ווען ר׳ לייבעלי איז א היים געקומען מיט דער בשורה, האט זיך חנה־לאה צעוויינט אויפ׳ן קול, אז זי וויל נישט בשום אופן דעם חתן, וואס דער טאטישע האט פאר איהר אויסגעזוכט.

זי האט אפילו נישט געפ־ענט ווער דאס איז — זי וועט קיינעם נישט נעהמען נאר דעמיעניגען, וועלכען זי האט שוין געגעבען איהר ווארט...

ר׳ לייבעלי איז אויס פון די כלים. ווי ליעב ער האט נישט געהאט זיין טאכטער — אזא זאך קען ער נישט פערט־אגען... טייטש, אזא יונג קינד, וואס ווייסט נאך נישט פון גוטס און שלעכטס, זאל וועלען איהם, דעם גרויסען סוחר, דעם קלוגען יוד, זאגען א דעה און נאך דאצו דעמאלט ווען עס איז שוין צו שפעט, ווען ער האט שוין ווי געמאכט תקיעת־כף און טאקי ביי׳ם רבי׳ן ואל לעבען... ניין! דאס קען נישט זיין — ער וועט אזא בושה נישט איבערטראגען, ער וועט זיך נישט בלאמירען פאר דער גאנצער שטאדט... עס וועט מוזען זיין אזוי, ווי ער וויל...

— ניין, טאטישע! — וויינט חנה־לאה, — דו קענסט מיט מיר טהון וואס דו ווילסט, אבער אין דעם פונקט וועל איך זיין אנ׳עקשן... איך וועל בשום אופן נישט נאכגעבען!

— וועלען מיר זעהען, ווער עס וועט זיין מעהר עקשן! — שרייט ר׳ לייבעלי — איך אדער דו?

— עקשנים וואס איהר זענט — פרובט זיך די מאמע אריינצומישען — עס מוז דאך נישט זיין תיכף היינט... לאמיר זיך די זאך איבערלעגען, אפשר איז דאס א גלייכער שידוך, וועסטו מיין קינד נאכגעבען, אדער אפשר איז עס נישט גלייך, וועסטו מיין מאן נאכגעבען!

— ניין! — ענטפערט חנה־לאה — ניין, מאמישע, איך קען און וועל נישט נאכגעבען, עס זאל אפילו זיין א חתן פון לויטער גאלד... איך וועל קיין אנדער׳ן נישט נעהמען, נאר מיין יוליאוס׳ן... איהם האב איך געגעבען דאס ווארט און אזוי וועט עס בלייבען... אין דעם פונקט וועל איך בלייבען אנ׳עקשן ביז אין טויט אריין!

— און איך האב געמאכט תקיעת־כף ביים רבי׳ן — שרייט ר׳ לייבעלי — און אזוי מוז עס בלייבען! אין דעם פונקט וועל איך זיין אנ׳עקשן, ווען די וועלט זאל זיך אפילו איבערקעהרען...

ביי ר׳ גדליי אין דער היים טרוט זיך אויף טיש און בענק... זיין ירוחם׳ל איז געווא־ען א גרויסער עזות־פנים. א שנין, ער רעדט אקעגען דעם טאטען, ער וויל איהם נישט פאלגען.

— דו ביזט דיך טועה, טאטע — זאגט ער מיט עזות — היינט איז אנ׳אנדערע וועלט. היינט שליעסט מען שוין נישט קיין שידוכים ביים רבי׳ן, היינט וועהלט זיך יעדער זיין כלה, וועלכע געפעלט איהם... דו וועסט מיך נישט צווינגען צו קיין שום שידוך... איך האב מיר שוין אליין אויסגעקליעבען א כלה...

ר׳ גדליה איז א כהן, א פייער יוד... ווען ער פאלט אריין אין כעס, קען ער א מענש דערהרגענען... ווער ווייסט, וועלכען פסק ירוחם׳ל וואלט געזען בעקומען, ווען די מוטער זאל זיך נישט געווען אריינווא־פען צווי־שען פאטער און זוהן און ירוחם׳ל זאל דערווייל האבען צייט, ארויסצולויפען פון שטוב...

— דו ביזט אנ׳עקשן, טאטע — זאגט ער נאך פון דרויסען — איך בין אבער דיין זוהן, אויך אזא עקשן ווי דו. וועלען מיר זעהן, וועמעס עקשנות עס וועט זיין שטארקער...

ר׳ לייבעלי האט נאכמיטאג געמהט ארויספאהרען אין מיהל אריין, עס איז געקומען א פרעמדער סוחר, א גרויסער אבנעהמער און דער בעל־הבית אליין האט געמוזט מיט איהם האנדלען.

דיעזע צייט האט פ־יילין געטא־לוירא בענוצט, זיך ארויסצוהאפען פון דער היים און אויפצוזוכען איהר יוליאוס. געקאנט האבען זיי זיך אויף׳ן אייז ביים גלישען. זי איז אמאל געפאלען און ער האט זי אויפגעהויבען. דאס יונגע פאר פאלק איז זיך געפעלען און אין זייערע יונגע הערצער האט זיך צובר־ענט א הייסע פייערינע ליעבע.

זיי פלעגען פאסט טעגליך צוזאמענקומען אויף דעם אייז־פלאץ און אין ווארמע טעג, ווען עס איז קיין אייז נישט געווען, אין גרויסען שטעדטישען גארטען, אין וועלכען עס פלעגט אים ווינטער קיין מענש קומען.

ער האט נישט געוואוסט, ווער עס זענען איהרע עלטערן, זי האט נישט געפרעגט, ווער עס זענען זיינע עלטערן. עס איז פאר זיי געגוג געווען זייער איינענע ליעבע און זיי זעלבסט...

אין דעם גרויסען גארטען זענען זיי אויך היינט צוזאמענגעקומען און געטא־לוירא האט זיך מיט א געוויין געווא־פען יוליאוס׳ן אויף׳ן האלז און פאר איהם אויס־געגאסען איהר ביטער האר־ץ...

יוליאוס דערצעהלט איהר, אז אויך איהם וויל זיין פאנאטישער פאטער פערשליערן מיט עפיס א חסידישער טאכטער, א רבי׳ס אנ׳איניקעל — און ער וועט נאטיר־ליך בשום אופן נישט צישטימען דאצו...

— איך האב אויך שוין געפאסט א פלאן — זאגט יוליאוס — ווען מיין פאטער איז דוקא אנ׳עקשן, וועט ער זעהן די פאלגען פון זיין עקשנות... איך וועל מיט איהם געהן צו זיין מחותן וועלכען ער האט זיך אבגע־קליעבען, וועל לאזען שרייבען תנאים. אבער ווען עס וועט קומען צום אונטערשרייבען, וועל איך זאגען: ניין! איך וויל נישט! אט דיעזע בלאמאשע וועט זיין די גרעסטע שט־אף פאר זיין פאנאטיזמוס!

פ־יילין געטא־לוירא איז דער פלאן געפעלען... „איך וועל אויך אזוי טהון! — זאגט זי — מיר וועלען זיך נוקם זיין אין אונזערע פאנאטישע עלטערן, ווי די פע־דיענען״...

שבת־צו־נאכטס האבען געזאלט זיין די תנאים. ר׳ לייבעלי איז געווען א חידוש, וואס זיין טאכטער איז אזוי רוהיג און ענטשלאסען. „זי איז טאקי א גוט קינד — קלערט ער ביי זיך — זי האט איינגעזעהען אז איך האב רעכט... דאפאר וועל איך איהר מאכען אנ׳איבערראשונג; אויסער דער מתנה פונ׳ם חתן וועל איך איהר קויפען א שענעם פ־עזענט!״

ר׳ גדליה האט מיט זיין זוהן קיין ווארט מעהר גערעדט ווערענד די עטליכע טעג. „וואס טויג מיר צו רעדען מיט אזא שקין, מיט אזא עזות־פנים... שבת־צו־נאכט וועלען מיר געהן, איך, שרה׳לע מיין ווייב און ער כלומר׳שט צו קרובים אויף בעזוך, און איך וויל זעהען ער זאל האבען דעם מוטה מיר צו ווידערשפעניגען, ווען ער וועט ראט געוואהר ווערען, אז מען נעהמט איהם פערקנס׳ן״.

ביי ר׳ לייבעל׳ן אין שטוב איז אלעס יום־טוב׳דיג. דער גרויסער סאלאן העל בעלייכטעט, אין די גרויסע סאבאטניקעס ברענען גרויסע לעכט. אויפ׳ן טיש שטעהען פלעשער ווייז מיט זילבערנע בעכערס, אין קיך פארעט זיך א סאמ־ווערין און די בעל־הבית׳טע שיינט נאר אין איהר שווארץ זיידען קלייד מיט די גרויסע פע־ל אויף׳ן האלז.

פריילין געטא־לוירא האט זיך אנגעטהון א שיין קליידיל מיט א בלויזיידען בלוזקעלע. זי איז איצט נאך שענער ווי תמיד. איהרע אויגען פונקעלן ווי דיאמאנטען... דער טאטע און די מאמע שעפען נחת. עס דוכט זיך זיי, אז זי איז אזוי גליקליך, וואס זי ווערט היינט א כלה... זי אבער איז געזען פעסט ענשלאסען, אויסצופיהרען איהר ווילען.

— גוט וואך, גוט וואך! — קומט אריין ר׳ גדליי מיט זיין ווייב און מיט זיין זוהן.

— א גוטע וואך, א מזל־דיגע וואך! — ענטפערט ר׳ לייבעלי פרייט — הא, הא, הא! וואס פאר געסט! ברוכים הבאים! קומט נעהנטער!

ער פיהרט זיי אריין אין סאלאן. זיי זעצען זיך נעבען טיש. באלד קומט אויך אריין די לייבעלי'ס ווייב, בעגריסענדיג די געסט מיט גרויס פריינדליכקייט.

ירוחם'ל זיצט שטיל. ער רעדט קיין וואָרט. זיין ענטשלוס איז פעסט. ער וועט נישט נאכגעבען. עס איז נאך גוט, וואס עס זענען קיין פרעמדע געסט נישט דא, וועט דער שקאנדאל נישט זיין אזוי גרויס.

אין דעם מאָמענט עפענט זיך די טהיר און עס קומט אריין פרייליין נעטא־לווירא...

א מינוט לאנג קוקען זיך די ביידע יונגע קינדער אן ווי פערשטיינערט. באלד אבער פאסט זיך ירוחם, שפרינגט אויף פון זיין פלאץ, אויסברייטענדיג די הענד פאר זיין געליעבטער, וועלכער פאלט איהם אויפ'ן האלז.

— מיין יוליאוס! מיינע נעטא־לווירא — ריעפען זיי ביידע אין העכסטער פערציקונג...

די ביידע טאטעס קוקען זיך אן מיט גרויסע אויגען... הא, וואס איז דאס פאר א קאמעדיע — א חלום אדער אויף דער וואהר!...

די מאמעס אבער פערשטעהען תיכף, וואס דא איז געשעהען און די לייבעלי'ס ווייב פליעסקעט מיט די הענד, רופענדיג:

— מזל־טוב, מזל־טוב! אלע עקשנים האבען זייער'ס אויסגעפיהרט!

ק—ל.

## פאליטישע נייעס.

די קריזע אין עסטרייך שלעפט זיך פון טאג צו טאג. דער מיניסטער־פרעזידענט באראן ביענערטה קען זיך שוין קיין עצה מעהר געבען און מען שמועסט שוין דאפון, אז ער וועט באלד דעמיסיאָנירען... זיין לעצטער פלאן, צוזאמענצורופען אן אנקעטע פון די דייטשען און די טשעכען, אויף וועלכער די פערטרעטער פון ביידע נאציאנען זאלען פארלעגען זייערע טענות און זיך דורכשמועסען איבער אלע פראגען, וואס שוועבען צווישען זיי, אפשר וועלען זיי קומען צו א פשר — דיעזער לעצטער פלאן איז זיך צערפאלען, ווייל די דייטשען האבען נישט געוואלט אין דער אנקעטע טהיילנעהמען; זיי ערקלערען, אז מען האט שוין איבער די שטרייטפראגען גענוג גערעדט און גערעדט, — דא וועלען שוין קיין דבורים העלפען, מען מוז עפיס טהון...

און דא ליעגט טאקי דער הונד בעגראבען; — דאס איז די גרעסטע מכה... אויב טהון, פערלאנגען דאך די דייטשען פונקט דעם היפך, דאס געגענטייל פון די טשעכען, ווי אזוי־זשע זאל דא א פשרה זיין?

און איבערדעם קען מען זאגען, אז די טעג פון מיניסטעריום ביענערטה זענען געצעהלט און ער וועט באלד פלאץ מאכען איין אנדערן קאבינעט, וואס וועט אפשר האבען מעהר גליק פון איהם. אלס מיניסטער־קאנדידאטען נענט מען די געוועזענע מיניסטער: באראן גויטש, באראן בעק און פרינץ האהענלאהע. אם וואהרשיינליכסטען איז פרינץ האהענלאהע, ווייל ער איז נאר געוועזען קורצע צייט מיניסטער און האט זיך נאך נישט אים גאנצען פערברויכט...

דאס פארלאמענט איז זייט א וואך אפען, אבער עס ווערען פערהאנדעלט בלויז דרינגליכקייטס־אנטרעגע. צו דער אייגענטליכען טאגעסארדנונג קען מען נישט קומען, ווי לאנג די פערהעלטניסע זענען נישט קלאר.

אין אונגארן פערוויקעלט זיך די לאגע וואס א טאג מעהר. כדי צו פערשטעהן דעם גאנצען סכסוך, מוז מען אנהייבען פון בראשית, ד. ה. שילדערן די פאליטישע פערהעלטניסע אין די לעצטע פאר יאהר. יאהרעלאנג האט דארט געהערשט די ליבעראלע פארטיי, וועלכע איז געשטאנען אויף דער גרונדלאגע פון אויסגלייך צווישען עסטרייך־אונגארן פונ'ם יאהר 1867. וואס עס איז דאמאלט בעשלאסען געוואָרען, איז פאר איהר געווען גענוג און זי האט נישט געשטרעבט צו קיין שום פאליטישע פערענדערונגען. מיט עטליכע יאהר צוריק האט ביי די וואהלען געוואונען די אונאבהענגיגקייטס־פארטיי, וואס וויל זיך אים גאנצען אבגרייסען פון עסטרייך. דער קאיזער האט דיעזער פארטיי נישט געוואלט איבערגעבען די ממשלה; איבער א יאהר איז געפיהרט געוואָרען א קאמפף, און די פערהעלטניסע האבען זיך אזוי פערוויקעלט, אז מען האט אויפגעלעזט דעם רייכסטאג מיט געוואלט און נישט אויסגעשריבען קיין נייע וואהלען. דעמאלט האט די אונאבהענגיגקייטס־פארטיי איינגעזעהען, אז עס איז שלעכט און האט זיך ענטשלאסען, אבצושליעסען א פריעדען מיט דער קראנע אויף דער באזיס: אז דיעזע פארטיי צוזאמען מיט דער פערפאסונגס־פארטיי און דער פאלקס־פארטיי (די ביידע לעצטערע זענען אויסגלייך־פריינדליך) איבערנעהמען די רעגיערונג און פערפליכטען זיך צו בעוויליגען דאס רעגעלמעסיגע בודשעט, דאס רעקרוטען־קאנטינגענט און אלע נויטווענדיגע שטאאטס־געזעצע אין דער צייט פון צוויי יאהר. אינצווישען זאל דורכגעפיהרט ווערען א רעפארם פון דעם וואהלרעכט צום רייכסטאג און נאך די נייע וואהלען זאל די קראנע און די פארטייען האבען פרייע האנד, צו טהון וואס זיי ווילען.

די הויפטפונקטען פון דעם פריעדען זענען ביז איצט דורכגעפיהרט געוואָרען. נאר די וואהלרעפארם נעהמט עפיס נישט גלאטט. די מאדיארען ווייסען, אז פאלס מען וועט איינפיהרען אין אונגארן דאס אללגעמיינע וואהלרעכט, וועלען זיי פערליערען די ממשלה אין לאנד, ווייל טהאטזעכליך וואהנען אין אונגארן מעהר אנדערע נאציאנען, ווי דייטשע, רומענען, רוטהענען, סלאווען עטצ. ווי מאדיארען. זיי האבען אלזא די וואהלרעפארם פערצעגערט ווי לאנג עס האט זיך געלאזט. אבער שליעסליך מוז מען זיך נעהמען דאצו; האבען זיי אבער אויסגעארבייט אזא מין וואהלרעפארם, וואס זאל זיי זיכערן די הערשאפט וועניגסטענס נאך אויף עטליכע צעהנדליגער יאהר. די קראנע האט לכתחילה נישט געוואלט צושטימען. שליעסליך האט זי נאכגעגעבען. אבער די אונגארן האבען אליין נאך מורא און זוכען ארויס די פערשיעדענע שפעקולאציעס, כדי די וואהלרעפארם צו פערהינדערן.

אט דא ליעגט דער גאנצער יסוד פון דער איצטיגער קריזיס. די פראגע וועגען דער זעלבשטענדיגער אונגארישער באנק איז נישט אזוי וויכטיג, אז מען זאל וועגען איהר ארויסרופען א קריזע. איבערהויפט זענען די פיהרער פון דער פארטיי, די מיניסטער קאָסוטה און אפאָני, געגען דער זעלבשטענדיגער באנק, דורך וועלכע אונגארן קען ווירטהשאפטליך רואינירט ווערען. אבער די פארטיי זוכט מיט געוואלד א קריזיס, כדי פטור צו ווערען פון דעם שלאק: פון דער וואהלרעפארם.

ווען עס זאל איצט קומען א נייע רעגיערונג, וועט זי דאך נישט האבען דאס התחייבות ווי די ביזהעריגע וועגען דער וואהלרעפארם און מען וועט קענען די גאנצע זאך בעגראבען אין א קאמיסיע לאורך ימים.

אויב דער פלאן וועט געלינגען, איז אן אנדערע פראגע. נישט בלויז די רעגיערונג האט פערשפראכען די וואהלרעפארם, נאר אויך דער קאיזער, און יעדער נייע רעגיערונג וועט מוזען איבערנעהמען דיעזע פערפליכטונג — עס וועלען אלע שפעקולאציעס נישט העלפען...

— דער קעניג פון בולגאריען וויל זיך לאזען קריינען צום "צאר פון בולגאריען" און אננעהמען פראוואסלאווניע רעליגיע. ביז איצט איז ער קאטוליש. זיין עלצטער זוהן, דער קראנפרינץ באריס, איז שוין לאנג פראוואסלאווניע.

דאס פערהעלטניס צווישען בולגאריען און דער טירקיי איז ווייטער געשפאנט. די טירקיי האט אנגעזאמעלט פיעל מיליטער ביי דער בולגארישער גרענעץ און בולגאריען האט געפונען פאר נויטיג, טעלעגראפיש צו מאביליזירען א גרעסערען טהייל פון דער בולגארישער ארמעע.

— ווי עס הערט זיך, וועט דער קאיזער פון [illegible]לאנד אים קומענדען חודש מערץ אבשטאטען א בע־[illegible] דעם קעניג פון איטאליען.

# די מעדיצינישע וועלט.

## דער שרייבקראמפף.

דער שרייבקראמפף איז א קראנקהייט וועלכע קומט נאר פאר ביי אזעלכע מענשען, וואס די פינגער פון זייער רעכטער האנד זענען שטארק אנגעשטרענגט. למשל, ביי שרייבער, געלעהרטע אדער שניידער. די ערשטע צייכען פון דער קראנקהייט ווייזען זיך אן דעם, וואס די פינגער ווערען שנעל מיעד און קענען זיך נישט גענוג רעגעלמעסיג בעוועגען, מיט דער צייט אבער ווערד עס ערגער, די פינגער ציעהען זיך קראמפהאפט צוזאמען און מאכען אונמעגליך יעדע בעוועגונג. מאנכמאל הייבט אויך די גאנצע האנד אן צו ציטערן. אויסערדעם ווערד דער קראנקע שטארק נערוועז און זיין גאנצע מוסקולאטור איז געשוועכט.

די געוועהנליכע אורזאכע פונ'ם שרייבקראמפף איז די איבער־אנשטרענגונג. מאנכמאל קומט ער אויך דורך דעם, וואס דער בעטרעפענדע שפארט זיך אן די האנד ביים שרייבען נישט ווי עס בעדארף צו זיין, אדער ער האלט שלעכט די פעדער. דער שרייבקראמפף קומט אויך ביי מענשען פאר, וואס ליידען אן רהיומאטיזמוס. די בעהויפטונג, אז דער שרייבקראמפף קומט איצט מעהר פאר, ווייל מיר שרייבען מיט שטאהלערנע פעדערן, נישט ווי פריהער מיט גענזע־פעדערן, איז נישט ריכטיג, ווייל אויך ביי די לעצטע איז דער שרייבקראמפף קיין זעלטענע ערשיינונג.

דער שרייבקראמפף איז א גרויסע פלאגע, ווייל עס דויערט זעהר לאנג, ביז מען ווערד פון איהם געהיילט. דאס ערשטע היילמיטעל איז, אז מען זאל א לענגערע צייט אויפהערען צו שרייבען, און ווען דאס איז נישט מעגליך, זאל מען בענוצען א דינען לייכטען פעדערהאלטער, און א ווייכע פעדער. די אייגענטליכע קור איז אבער די וואסער־קור און די מאסאזשע. די קור בעשטעהט אין דעם: מען נעמט טעגליך צוויי האנד־דאמפפבעדער, יעדעס א האלבע שעה צייט, און נאך דעם זאל מען אפרייבען די האנד מיט קאלט וואסער. מען קען אויך מאכען אומשלעגע איבער נאכט (אויך ביי טאג, ווען דאס איז מעגליך) און דערנאך א קאלטע איינרייבונג. צוויי מאל אין דער וואך זאל מען נעהמען גאנצע דאמפפבעדער און דערנאך אפרייבען דעם גאנצען קערפער מיט קאלט וואסער. דאביי ברויך מען בעזאנדער'ס קנעטען און אפרייבען די פינגער און אויך די גאנצע האנד.

א בילליג און געאייגנעט מיטעל איז דאס טורנען מיט שווערע טורנהאנטעלן, וועלכע מען נעמט אין דער האנד און בעוועגט זיי אין אלע זייטען, אזוי אז די מוסקולאטור ווערד געשטארקט.

עס גיבט אויך צוויי איינפאכע הויז־מיטעל צום שרייבקראמפף. 1) הייזאמען־בעדער. 2) דאס שמייסען פון דער האנד מיט ברענן־נעסעלן (Urtica urens). די קראנקע האנד ווערד צוויי מאל וועכענטליך מיט פריש אבגעשניטענע ברענן־נעסעלן געשמיסען. די האנד בעקומט א בלעטכען־אויסשלאג און ווערד געשוואלען, אבער מיט דעם פערשווינדען פון דעם אויסשלאג הערט אויך אויף דער קראמפף. ווער עס וויל אנווענדען הייזאמען־בעדער, ברויך די הייזאמען אפבריהען אין זידענד הייס וואסער און דארין טעגליך א פערטיל שעה באדען די קראנקע האנד ביז צום פאָר־דערארם, דאס וואסער זאל זיין אזוי הייס, ווי ווייט דער קראנקע קען עס נאר פערטראגען.

Dr. B.



די נייע מאדע: וויזיט-טאאלעטע.

# די נייעסטע מאדע.

קיין שום זאך אין דער וועלט איז נישט אזוי פערענדערליך און אזוי קורצלעבינ ווי די מאדע, וואס ס'איז היינט מאדערן און שעהן, פערליערט מארגען דעם ווערטה און דעם חן... „ארויס אוים דער מאדע" — אט דיעזע ווערטער זענען א טוידט-אורטהייל פאר די פיינסטע קליידער, פאר די טייערסטע הימע, דעם שענסטען שמוק... די מאדע איז לוניש, ווילקירליך, זי קען נישט קיין לאגיק, קיין עסטהעטיק, זי איז איינגעשפארט, מאנכמאל משוגע — אבער די גאנצע וועלט דיענט איהרע לוינען און אונטערוואַרפט זיך איהרע בעפעהלע מיט א מערקווירדיג געהארזאמקייט...

די נייע מאדעס שטאמען צומייסט פון פאריז. דארט זענען פארהאנען שניידער און מאדיסטינען, וואס לאזען אנפערטיגען צייכנונגען און אויסקלערען נייע פאסאנען פאר קליידער, מענטעל, הימע, שיך און אפילו לייב-וועש... אבער זעהר אפט ענטשטעהט א מאדע דורך א [illegible] צופאל. עפים א גרויסע דאמע, וואס איהרע קליידער זענען מאסגעבענד פאר די מאדע קינסטלער, פערגעסט זיך און נעהט אוים שפאצירען אין א שווארץ קלייד מיט א רויטען זונענשירם — באלד טהוט מען איהר נאך און דאס ווערד מאדערן; א היסטאריישע, עקסצענטרישע שוישפילערין מאכט זיך א נייע מאדע פריזור. א בערימטע קינסטלערין וועהלט זיך עפים א נייע פארב פאר איהר קלייד — און דאס ווערד שוין מאדערן פאר א גאנצע סאיזאן.

די מאדע וואנדערט דערנאך דורך די גאנצע וועלט און עס טרעפט זיך מאנכמאל, אז די „נייעסטע מאדע פון פאריז" איז הויך-מאדערן אין שניפישיק און אין פאצאנאוו, ווען מען האט שוין אין פאריז לאנג אן איהר פערגעסען...

מאנכמאל קומט א זאך אין מאדע דורך עפים א פאליטיש ערייגניס. אזוי איז געוועזען א צייט מיט די קרינערצילינדער, וועלכע די מענער האבען געטראגען אין דער צייט פון ענגליש-בורישען קריעג... אין פריהערע צייטען איז געוועזען מאדערן נאפאלעאן דעם ערסטען'ס קאפעלוש, נאפאלעאן דעם דריטען'ס שפיץ-באַרד. אצינד איז מאדערן דעם דייטשען קייזער'ס שנורבארד: „עס איז ערדרייכט!"

די מאדע דיענט דעם לוקסוס. אהן איהר וואלטען די גרויסע דאמען נישט געברויכט אזוי פיעל אויסגעבען אויף טאאלעטען. אין דער בירגערליכע מיטעלשטאנד וואלט נישט האלב „גאַני"ט געווארען... דאס בעסטע און דאס פיינסטע פערליערט דעם ווערטה, ווען עס קומט אויף א נייע מאדע און מען מוז אנשאפען נייעס...

ווי לוניש און נישט עסטהעטיש די מאדע איז, קען מען זעהען פון די גרויסע, בריימע דאמען-הימע, וואס ווערען אין לעצטער צייט געטראגען... די וויין-פלעשער בענוצען זיי פאר די געלונגענסטע וויצע און דורך זיי ענטשטעהען מאנכמאל די קאמישעסטע סצענען... מען דערצעהלט זיך, אז קירצליך האט א פאריזער דאמע נישט געקענט אריין מיט איהר הוט אין א אייזענבאהן-וואגאן, ווייל די טהיר איז געוועזען צו שמאל; זי האט אבער דעם הוט נישט געוואלט אויסטהון, כדי נישט צו פערדארבען איהר פריזור און האט געמוזט צוריקפאהרען א היים... איין אנדערע דאמע האט מיט איהר הוט פערשטעלט אין א רעסטאראנט דאס גאנצע פענסטער, אזוי אז מען האט געמוזט אין דעם ווינקעל ביי טאג אויפדרעהען דאס עלעקטרישע ליכט...

נאר, אויב די הימע-מאדע איז אין דיעזער סאיזאן מעהר קאמיש ווי שעהן און ערדענט סענזאציע בלאז דורך איהרע נישט-בעגרענעצקייט און אומפאנג, מוז מען מודה זיין, אז די קליידער-מאדע איז דאסמאל זעהר געשמאקפול און עסטהעטיש. אונזערע דאמען האבען זיך שוין לאנג נישט אזוי פיין, אזוי געשמאקפול געקליידעט ווי אין דיעזער סאיזאן און ווער עס האט א עסטהעטיש פערגניגען צו זעהען אמת'דיג עלעגאנטע דאמען, מוז נאר ווינשען, אז די דאזיגע מאדע זאל לאנג אנהאלטען.

אין אונזער היינטיגער נומער ברענגען מיר צוויי בילדער פון מאדערנע וויזיט-טאאלעטען אין דיעזער סאיזאן.



די נייע מאדע: וויזיט טאאלעטע.

## הומאר און סאטירע

### זיינע לעזער.

א.: דו זאגסט, אז דו ביזט א גרויסער דיכטער. ווערען דיינע געדיכטע פיעל געלעזען?

ב.: יא, איך האב זיי שוין איינגעשיקט אין 200 רעדאקציעס און צו 150 פערלעגער.

### נאך נישט גענוג געזעהען.

א.: ווער איז די דאמע, וואס איז דא פאראיבער־געגאנגען?

ב.: דו מיינסט דיעזע, מיט'ן שווארצען קלייד, דעם גרינעם הוט, די ווייסע שוך, די ברוינע האנדשוה, דעם גרינעם זונענשירם, מיט די גרויסע טירקיז-אויררינגליך, מיט די צוויי גאלדענע צעהן פון פאר'ענט? — איך זאג דיר דעם אמת, איך האב זי נישט גענוג גוט אנגעקוקט...

### נאך רייכער.

ערשטער שנארער: זעהסטו, ווען איך זאל האבען ראטהשילד'ס פערמעגען, וואלט איך נאך געווען רייכער ווי ער.

צווייטער שנארער: ווי אזוי?

ערשטער: איך וואלט נאך צוגעשנארעט אויך!

### ער האט רעכט.

זי: אלזא, פון מיר פערלאנגסטו בלויז ליעבע?

ער: נאטירליך, דעם נדן פערלאנג איך דאך פון דיין טאטען.

### טאקי אמת.

די יודישע געמיינדע אין חעלם האט געשריעבען צו ראטהשילד'ן, ווען ער וועט זיך בעזעצען אין חעלם, וועט ער אייביג לעבען.

— פון וואנען ווייסט איהר דאס? — האט ראטהשילד געפרעגט.

— ווייל זייט חעלם עקסיסטירט, איז נאך דארט קיין רייכער יוד נישט געשטארבען! — האט די קהלה געענטפערט.

## דאָס ערד־ציטערניש :ף



דער קריעגסטייפעל צו זיין געהילפע: אלעס איז געווען אזוי גוט פארבערייטעט פאר א וועלט־קריעג. ווערד די ערד משוגע און קעהרט זיך איבער. די מענשהייט פערפרידערט זיך אויפ'ס ניי און אונזער גאנצע ארבייט איז אומזיסט!

(סיספליציביסוס)

## בריעפקאסטען פון דער אדמיניסטראציע.

צו אונזערע פערשלייסער: מיר מאכען אויפמערקזאם — אז די פרעמיע קענען נאר בעקומען דיעניגע אבאנענטען, וואס אבאנירען דירעקט ביי דער אדמינסטראציע און צאהלען דעם גאנצען אבאנאמענטס־פרייז. אויסנאהמען אין דער בעציעהונג קענען נישט געמאכט ווערען.

פערשלייסער אין סאנאק. מיר האבען אייך דירעקט געשריעבען. אז ווען א פערשלייסער וויל, מיר זאלען דירעקט שיקען דאס בלאט צו אן'אבאנענט. וועלכען ער דאט אויפגענומען, מיז ער אונז דאס געלד (אבצינלעך זיין פראוויזיאן) איינשיקען. די פערערכנונגען מיט די איינצעל פערשלייסער איז איין אנדערע און מיט די אבאנענטען איין אנדערע און מיר קענען נישט אויסמישען ביידע זאכען צוזאמען. ווייל די בוכפיהרונג מוז זיין אין ארדנונג — דיעזע אנטווארט גילט אויך פאר אלע פערשלייסער.

גייניערינער אין סאנאק; ווען איהר האט דאס בלאט געזעהען אין דער טראפיק איז עס איז אייך געפעלען, צו־וואס־זשע פערלאנגט איך נאך א פראבע־בלאט?

צו מעהרערע: מיר קענען פון דעם אבאנעמענטספרייז נאר נישט נאכלאזען. ביי די גרויסע אויסגאבען פון אזא בלאט איז דאס אבאנאמענט שוין גענוג בילינ

אחת שאלתי. דער אבאנענט בעקומט דאס בלאט צוגעשיקט ביז אין שטוב אריין; דער וואס קויפט אנ־איינצעלנע נומער מוז זי ערשט געהן קויפען. דעסוועגען שטעלט זיך דאס ערשטע א ביסל טהייערער. דער אבאנענט האט אויך דאס רעכט אויף פרעמיעס. פאר־װעצוגנען פון ראמאן עטצ.. דער איינצעל קויפער נישט.

---

# פרעמיעס

פאר די אבאנענטען פון דער

# „יודישען אילוסטרירטען צייטונג".

א) ווער עס אבאנירט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג" דירעקט ביי דער אדמיניסטראציע אין קראקא ווענ'גסטענס אויף א האלב יאהר, אריינשיקענדיג דאס געלד אים פאראויס, בעקומט די נאכשטעהענדע 15 העפטע פון דעם בעריהמטען, האכשפאנענדען דעטעקטיוו־ראמאן „מאקס שפיצקאפף" (יודישער שערלאָק האלמעס), וועלכע קאסטען צוזאמען 3 קראנען, בלויז

## פאר 1 קראנע.

(חוץ 30 העללער פארטא)

יעדעס העפט ענטהאלט, א גאנצען אבגעשלאסענע האכשפאנענדע ערצעהלונג, קיין פארטזעצונג, מיט א שענער אילוסטראציע.

די העפטע ענטהאלטען פאלגענדע ערצעהלונגען:

1) געראַבט צו דער שמד...
2) באנקנאָטען פעלשער.
3) עלילת דם...
4) א רעטהזעלהאפטער מאָרד.
5) דער שמוגגלער...
6) דאָס געפעלשטע טעסטאמענט.
7) דער שפיאָן.
8) דער מעדכען הענדלער.
9) דער באנק־איינבריכער.
10) די קינדער־מערדערין.
11) דער טוידטען־גרעבער.
12) דאָס געהיימניס פון א מיליאָנער.
13) די דערטרונקענע כלה.
14) דער מיסיאָנער.
15) די נאכטוואנדלערין.

ב) אנשטאט דיעזע העפטע קען מען אויך בעקומען די פאלגענדע וויכטיגע ספרים פון דעם גרויסען יודישען געלעהרטען דר. ש. רובין:

**א) תהלת הכסילים, ב) ספור יצירת העולם, ג) שני לוחות הפילוסופיה.**

וועלכע קאסטען 4 קראנען, בלויז

## פאר 1.50 קראנע.

(חוץ 30 העללער פארטא)

ג) ווער עס אבאנירט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג" אויף א גאנץ יאהר און בעצאהלט אים פאראויס, בעקומט ענטוועדער די 15 העפטע מאקס שפיצקאפף אדער די ספרי דר. רובין

## גאנץ אומזיסט.

די אבאנענטען ברויכען נאר צו שרייבען, וועלכע פרעמיע זיי ווינשען. האלב יעהריגע אבאנענטען ברויכען גלייכצייטיג צוצושיקען דאס געלד פאר דער פרעמיע.

---

# רעטהזעל־אויפלעזונג.

די אויפלעזונג פונ'ם ווארטרעטהזעל אין נו' 2 איז:

„דער אויסגלייך צווישען עסטערייך און טירקיי".

ריכטיגע אויפלעזונגען האבען איינגעשיקט: וו. שטערנקלאר, בוטשאטש; דוב בערנשטיין, סאנאָק; יעקב און אברהם הויפטמאן, סטריא; ישראל און אברהם שענפעלד, סטריא; יעקב קארן, פשעמישל; זיעגמונד אפפעלגרין, סטאראסאל; חיים געלער, שניאטין; אהרן ווינאווער, ווארשא; עמנואל פישביין, טארנאָוו.

# שאך אויפלעזונג.

די אויפלעזונג פון שאך־רעטהזעל אין נו' 1 איז פאלגענדע:

די ווייסע קעניגין ציעהט פון e 8 אויף a 4
דער שווארצער קעניג ציעהט פון d 4 אויף c 3
דער ווייסער שפרינגער ציעהט פון d 3 אויף e 1 אונד מאט.

ריכטיגע אויפלעזונגען האבען געשיקט: ל. שטערן, קראקא; ב. פעטט, דעמביצא; אברהם גרינפעלד, לעמבערג; יוסף פעלד, לישא.

---

